# אינהאַלט

# פאָרוואָרט

דאָס יידישע לעבן אין קאַנאַדע, ווי אין אַנדערע לענדער איז שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון די שטורעמדיקע, דראַמאַטישע און טראַגישע געשעענישן אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

עס איז מיין ציל, אַז אין דעם דאָזיקן בוך זאָלן זיך אָפּשפּיגלען די אַנטוויקלונגען און ענדערונגען אין יידישן לעבן אין אונדזער געמיינדע, אין ליכט פון אַט די היסטאָרישע געשעענישן וועלכע האָבן געבראַכט קאָלאָסאַלע ענדערונגען אין דער גאַנצער וועלט.

דער אויטאָר

# דער ערשטער מבול

**די גרויסע ענדערונגען וועלכע די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געבראַכט צו אייראָפּע און צו די דאָרטיקע אידן. — דער קערענסקי רעוואָלט קעגן צאַריזם. — דער קאָמוניסטישער קאָנטר־רעוואָלט.**

די צוויי גרויסע וועלט־מלחמות, פון 1914 און 1939, האָבן געבראַכט קאַלאַסאַלע ענדערונגען פאַר אַלע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט, און מער פון אַלע — פאַרן יידישן פאָלק.

די יידישע וועלט־מאַפּע האָט זיך פולשטענדיק געענדערט. דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום, וואָס האָט געהאַט אַ טראַדיציע פון הונדערטער יאָרן, איז גייסטיק און קולטורעל געוואָרן אַזוי ווי אָפּגעווישט. עס האָט זיך געשאַפן די יידישע מדינה אין ישראל און עס האָט זיך קאָנצענטרירט דער גרויסער יידישער ישוב אין צפון־אַמעריקע, די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע.

אין דעם ערשטן וועלט־קריג האָט שטאַרק געליטן דער יידישער ישוב פון מזרח־אייראָפּע, וואָס איז געווען דער עיקר אין רוסלאַנד. די 1914 מלחמה האָט געבראַכט גרויסע טראַגעדיעס צו יידישע געמיינדעס, אָבער זי האָט זיי ניט אָפּגעווישט. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער חורבן געווען פולשטענדיק. עס זענען אונטערגעגאַנגען גרויסע איינגעפונדעוועטע געמיינדעס; עס איז אָפּגעווישט געוואָרן אַן אייגנאַרטיקער יידישער לעבנס־שטייגער. עס איז פאַרניכטעט געוואָרן אַ יידישע קולטור־ציוויליזאַציע, וואָס האָט געהאַט באַווירקט גייסטיק און קולטורעל יידישע געמיינדעס אין אַנדערע טיילן פון דער גרויסער וועלט.

די צאַרישע רעגירונג איז געווען פיינטלעך צו יידן. זי האָט אָנגעווענדעט אויסנאַם־געזעצן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז געווען פאַרבאָטן פאַר יידן צו וווינען אין געוויסע געגנטן פון רוסלאַנד. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט מען די יידן באַצייכנט פאַר שונאים, און פאַר פריינד פון דייטשלאַנד. די רוסישע גענעראַלן האָבן באַפוילן אַרויסצוטרייבן די יידן פון אַלע שטעט און שטעטלעך וועלכע זיינען ניט ווייט פון פראַנט. די דייטשע אַרמייען האָבן מאַרשירט פאָראויס און די רוסן האָבן זיך צוריקגעצויגן. וואָס מער די רוסן זיינען געלאָפן אויף צוריק, אַלץ מער יידישע קהילות זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן פון די דאָרטיקע יידן.

די יידן אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע, אויך אין ענגלאַנד, האָבן פּראָטעסטירט קעגן די צאַרישע רדיפות אויף יידן. אָבער די פּראָטעסטן האָבן נישט געקאָנט ווירקן קיין סך, דערפאַר ווייל דער צאַר איז געווען

אַ שותּף אין דער זייער שווערער באַמיאונג בּייצוקומען דעם קייזערס אַרמייען, וועלכע האָבּן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין פיל שטאַרקער ווי מען האָט געהאַט געמיינט. אין די דעמאָקראַטישע לענדער האָט מען פיל סימפּאַטיזירט מיט די יידן, אָבּער זיך גיין קריגן מיטן צאַר איבּער זיין אַנטיסעמיטיזם האָט מען נישט געוואָלט. מען האָט בּלויז פאַרזיכערט יידישע פירער, אַז ווען דער קריג וועט זיך ענדיקן מיט אַ זיג איבּער קייזער ווילהעלם וועט מען ווירקן אויפן צאַר, אַז ער זאָל ענדערן זיין שטעלונג צו יידן און פּראָקלאַמירן פולשטענדיקע גלייכהייט פאַר די יידישע בּירגער פון רוסלאַנד, וואָס האָט דאַן איינגעשלאָסן אויך פּוילן און ליטע, וואו עס זענען געווען גרויסע יידישע געמיינדעס מיט אַ שטאַרק־אַנטוויקלט גייסטיק און קולטורעל יידיש לעבּן.

דער קריג האָט זיך געענדיקט מיט אַ זיג איבּער די דייטשע אַרמייען, אָבּער דער צאַר האָט נישט דערלעבּט צו זען דעם דאָזיקן זיג. איידער דער קריג האָט זיך געענדיקט, איז פאָרגעקומען די רעוואָלוציע פון 1917, און דער צאַריזם איז פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן.

די ערשטע רעוואָלוציע קעגן דעם צאַר איז דורכגעפירט געוואָרן פון בּירגערלעכע ליבּעראַלן אונטער דער פירערשאַפט פון דעם דומע־דעפּוטאַט, אַלעקסאַנדער קערענסקי. די קערענסקי־רעוואָלוציע איז וואַרעם בּאַגריסט געוואָרן אין אַלע דעמאָקראַטישע לענדער. פאַר די יידן אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע האָט די דאָזיקע רעוואָלוציע געענדיקט אַ פּעריאָד פון יידישער רעכטלאָזיקייט אין רוסלאַנד. גרויסע אויסזיכטן האָבּן זיך דאַן געשאַפן פאַר דער צוקונפט פון רוסישן יידנטום. יידן האָבּן זיך געפרייט מיט דער מפּלה פון צאַר און מיט דעם אויפקום פון ליבּעראַליזם און דעמאָקראַטיע אין דער גרויסער רוסישער מדינה. די רוסישע ליבּעראַלן זיינען אַלעמאָל געווען פריינטלעך צו יידן. אין זייערע קרייזן האָט זיך פיל געמישט די יידישע אינטעליגענץ פון רוסלאַנד. צווישן דער דאָזיקער אינטעליגענץ זיינען געווען פּראָמינענטע יוריסטן, שריפטשטעלער, מעדיקער און גרויסע סוחרים. צווישן זיי זענען אויך געווען גוט־בּאַוואוסטע ציוניסטישע פירער פון מאָסקווע, פּעטערבּורג, קיעוו, מינסק, וואַרשע און אַדעס.

אָבּער צו לאַנג האָט די זון פון ליבּעראַליזם נישט געשיינט אין רוסלאַנד. עס האָט זיך אָנגעהויבּן אַ שטאַרקער קאַמף קעגן די קערענסקי ליבּעראַלן מצד די קאָמוניסטן, אונטער דער פירערשאַפט פון ניקאָלאַי לענין און לעאָן טראָצקי.

בּיידע, סיי טראָצקי, סיי לענין, זיינען נישט געווען אין רוסלאַנד בּעת מען האָט רעוואָלטירט קעגן צאַר. זיי זענען געקומען שנעל פון אויסלאַנד כדי פאָרטצוזעצן די רעוואָלוציע. זיי האָבּן אָנגעפאַנגען אַ שטורעמדיקן קאַמף צווישן די סאָלדאַטן און אַרבּעטער, און זיי גערופן צו שטירצן די שוואַכע קערענסקי־רעגירונג.

די קאָמוניסטישע פירער האָבּן צוגעזאָגט די סאָלדאַטן, אַז מען וועט

זיי אַרויסנעמען פון קריג. די אַרבעטער האָבן זיי פאַרשפּראָכן די פאַבריקן אין וועלכע זיי האָבן געאַרבעט. צו די אָרעמע פּויערים האָט מען צוגעזאָגט די פעלדער וועלכע מען וועט אַוועקנעמען פון די פּריצים.

לענין און טראָצקי האָבן געוואונען אויף זייער זייט די פילע סאָלדאַטן וועלכע האָבן נישט געוואָלט גיין אויפן פראָנט זיך שלאָגן מיט די דייטשן, און די אַרבעטער וועלכע זענען געווען אויסגעהונגערט און די פּויערים וועלכע זענען געווען אין אָפּגרונט פון נויט און אָרעמקייט. די קערענסקי־רעגירונג האָט נישט געקאָנט ענדיקן דעם קריג אָן די אַליאירטע אין מערב און זי האָט נישט געקאָנט געבן די אַרבעטער און פּויערים דאָס וואָס די קאָמוניסטישע פירער האָבן פאַרשפּראָכן.

די קאָמוניסטן האָבן איבערגענומען די מאַכט אין מאָסקווע, אָבער נישט איבערן גאַנצן לאַנד. אין געוויסע טיילן פון דער רוסישער מדינה האָט זיך געשאַפן אַ ווידערשטאַנד קעגן די קאָמוניסטן. דער ווידערשטאַנד איז געקומען נישט פון ליבעראַלן, נישט פון דעמאָקראַטישע גרופּעס, נאָר פון גענעראַלן און כוליגאַנישע באַנדעס.

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ בלוטיקער בירגער־קריג און אין דעם בירגער־קריג האָט זיך געגאָסן אַ סך יידיש בלוט. די באַנדעס וועלכע האָבן געקעמפט קעגן די קאָמוניסטן האָבן באַשולדיקט די יידן, אַז זיי האַלטן מיט די קאָמוניסטישע הערשער פון קרעמלין. מען האָט געהאַלטן פאַר־אַנטוואָרטלעך די יידישע געמיינדעס פאַר די מעשים פון לעאָן טראָצקי און פון אַנדערע יידן וועלכע זיינען דאַן געווען פאַרבונדן מיט די קאָמוניסטן. די אַנטיסעמיטן האָבן אַפילו לענינען באַצייכנט פאַר אַ ייד. פּאָגראָמען זענען פאָרגעקומען אין אַ גרויסער צאָל שטעט, דער עיקר אין אוקראַינע.

פאַר די מורא'דיקע פּאָגראָמען אין אוקראַינע זיינען געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך די גענעראַלן דעניקין און פּעטלורא, וועלכע האָבן געטריבן יידישע פאַרמעגנס און זיי צעטיילט צווישן די פּויערים וועלכע האָבן זיי געשטיצט.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די קאָמוניסטישע רעוואָלוציע האָבן פילע יידן, וועלכע זיינען געווען סוחרים זיך געשראָקן, אַז די קאָמוניסטן וועלן זיי רודפן אַלס קלאַס־שונאים. צוליב דער דאָזיקער מורא זיינען זיי געלאָפן אין די געגנטן וואו די קאָמוניסטן האָבן נאָך ניט געהאַט קיין קאָנטראָל. אַ סך זיינען געלאָפן אין דעם ווייטן סיביר. דאָרט זיינען זיי אַריינגעפאַלן אין די בלוטיקע הענט פון אַנדערע ווייס־גוואַרדייאישע באַנדעס, אָנגעפירט פון די גענעראַלן קאָלטשאַק און ווראַנגעל. אַפילו אָט די יידן וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון קאָמוניזם, האָט מען געמאָרדעט מיט דעם געשריי, אַז זיי האַלטן מיט דער רויטער מאַכט פון לענין און טראָצקי.

אויך אין ווייס־רוסלאַנד האָבן פאַר אַ צייט געבושעוועט ווייסע־גוואַרדייצעס, און אויך דאָרט האָט זיך יידיש בלוט געגאָסן ווי וואַסער.

ווען די דאָזיקע פּאָגראָמען זיינען פאָרגעקומען, האָבן יידישע פירער

אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע געזוכט וועגן און מיטלען ווי צו איינשטעלן זיך פֿאַר די געליטענע יידישע געמיינדעס, עס איז אָבער ניט געווען קיין כוח אין דער וועלט, וועלכער זאָל קאָנען די פּאָגראָמען אָפּשטעלן. מען האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז די גענעראַלן וועלכע פֿירן אָן מיט די פּאָגראָם־באַנדעס קריגן הילף פֿון אויסלענדישע קוואַלן כדי צו פֿירן דעם קריג קעגן די קאָמוניסטן, אָבער די רעגירונגען פֿון ענגלאַנד און פֿראַנקרייך, און פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן ניט קיינע דירעקטע פֿאַרבינדונגען מיט אַט די ווייס־גוואַרדייאישע גענעראַלן. די פּאָגראָמען האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָר דאַן, ווען די רויטע אַרמייען האָבן געוואונען דעם בירגער־קריג, צעטריבן די באַנדעס און איינגעשטעלט אַ געוויסע אָרדענונג וויפֿל ס'איז געווען מעגלעך אונטער די אומשטענדן.

ווען אָרדענונג איז איינגעשטעלט געוואָרן, האָט מען דאַן איינגעזען, אַז די יידישע געמיינדעס פֿון דרום־רוסלאַנד האָבן געצאָלט אַ שרעקלעכן פּרייז פֿאַר דעם בירגער־קריג.

ביי די יידן אין צפֿון־אַמעריקע האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע אַקציע צו זאַמלען הילף פֿאַר די יידישע קרבנות פֿון דעם רוסישן בירגער־קריג אונטער דער לאָזונג „ברויט פֿאַר די לעבעדיקע און תכריכים פֿאַר די טויטע". אין אַט דער הילפֿס־אַרבעט האָבן קאַנאַדער יידן זיך באַטייליקט אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב.

די קאַנאַדער יידן האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע גרויסע הילפֿס־אַקציעס וועלכע זענען דורכגעפֿירט געוואָרן אין די שטאַטן פֿאַר דעם דאָזיקן צוועק. עס איז אויך אָנגעפֿירט געוואָרן אַ גרויסע אַקציע צו זאַמלען קליידער.

# ציוניזם אין דעם ערשטן וועלט־קריג

**דער צוזאַמענבראָך פון אייניקייט אין וועלט־ציוניזם. — די נייע ציוניסטישע אָריענטאַציע וואָס האָט זיך געשאַפן אין קאַנאַדע. — היסטאָרישע קאָנפערענץ אין מאָנטרעאַל.**

איידער ס׳האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה זיינען די יידן פון דייטשלאַנד געווען פאַראייניקט מיט די יידן פון רוסלאַנד און פון אַנדערע לענדער דורך דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך זיינען ניט געווען אַזעלכע קאָמפּאַקטע יידישע קהילות ווי אין רוסלאַנד, פּוילן, ליטע און בעסאַראַביע. די ציוניסטישע טוער צווישן די דייטשע און עסטרייכישע יידן זיינען געווען מערסטנס פּראָפעסיאָנאַלען — דאָקטוירים, יוריסטן, פּראָפעסאָרן און גרעסערע סוחרים. ביי אַ ציוניסטישן קאָנגרעס פלעגן זיי זיך צוזאַמענקומען מיט די ציוניסטישע עסקנים פון מזרח־אייראָפּע, פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויטאָמאַטיש איבערגעריסן געוואָרן די אייניקייט פון יידישן פאָלק. עס איז געקומען דערצו, אַז יידישע סאָלדאַטן פון רוסלאַנד, פון ענגלאַנד, פון אַמעריקע, קאַנאַדע, האָבן זיך באַדאַרפט שלאָגן מיט יידישע סאָלדאַטן פון דייטשלאַנד. די דייטשן זיינען אין יענער צייט געווען פריי פון אַנטיסעמיטיזם. אין דער דייטשער אַרמיי זיינען דאַן געווען אויך יידישע אָפיצירן. אין דער רוסישער אַרמיי האָט אַ ייד ניט געקאָנט זיין קיין אָפיציר.

די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע איז פאַראַליזירט געוואָרן. ציוניסטישע עסקנים פון בערלין און ווין האָבן ניט געקאָנט זיך צוזאַמענקומען מיט די ציוניסטישע טוער פון ווילנע, אָדעס און וואַרשע, אויך ניט מיט די ציוניסטן פון ענגלאַנד, קאַנאַדע און די שטאַטן. דאָס האָט געבראַכט אַ ערנסטן קריזיס אין ציוניזם, ובפרט אַז ארץ ישראל (פּאַלעסטינע) איז דאַן געווען אונטער דער הערשאַפט פון טערקיי, וועלכע האָט זיך פאַרבונדן מיט דייטשלאַנד אין דעם דאָזיקן קריג.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. די אַקטיוויטעט פאַר ארץ ישראל האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין ענגלאַנד און אין צפון־אַמעריקע, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. אויך מאָנטרעאַל איז געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פאַר ציוניסטישע אַקטיוויטעטן.

אין ענגלאַנד איז דר. חיים ווייצמאַן געוואָרן די צענטראַלע פיגור אין דער ציוניסטישער פירערשאַפט. זייענדיק אַ באַרימטער כעמיקער, האָט ער אין צייט פון קריג פיל ביי־געטראָגן צו ענגלאַנדס מלחמה באַמיאונגען

אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט. זיין איינפלוס איז געווען זייער שטאַרק אין די בריטישע רעגירונגס-קרייזן.

נחום סאָקאָלאָוו, איינער פון די גרעסטע יידישע געלערנטע, באַרימטער דענקער און פובליציסט, האָט זיך דאַן באַזעצט אין ענגלאַנד און געוואָרן אַ צענטראַלע פיגור אין דער ציוניסטישער פירערשאַפט. צוזאַמען מיט דר. ווייצמאַן האָט ער אונטערהאַנדלט מיט דער ענגלישער רעגירונג וועגן שאַפן אַ יידישע היימלאַנד אין ארץ-ישראל. די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען האָבן געפירט צו דער באַלפור-דעקלאַראַציע, לויט וועלכער ענגלאַנד האָט זיך פאַרפליכטעט צום יידישן פאָלק וועגן אַ נאַציאָנאַלער יידישער היים אין דעם „הייליקן לאַנד".

ווען ענגלאַנד איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ קריג מיט טערקיי איז געקומען דער געדאַנק, אַז די ענגלישע רעגירונג קאָן שפּילן אַ היסטאָרישע ראָלע אין דער רעאַליזירונג פון ציוניזם; אַז זי קאָן שאַפן אַ יידיש היימלאַנד ווען זי וועט אָפּנעמען פּאַלעסטינע פון די טערקן.

די קאַנאַדער ציוניסטן האָבן דאַן דערפילט, אַז זיי דאַרפן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם פּאָליטישן ציוניזם. זיי דאַרפן עס טאָן דערפאַר ווייל קאַנאַדע באַטייליקט זיך אין דעם קריג, כדי צו העלפן דער מוטערלאַנד און דעריבער איז, נאַטירלעך, אַז קאַנאַדעס איינפלוס קאָן פיל ווירקן צו דערגרייכן דעם ציוניסטישן הויפּט-ציל. די ציוניסטישע אַקטיוויטעט אין קאַנאַדע איז טאַקע געוואָרן שטאַרקער אין די יאָרן פון ערשטן וועלט-קריג.

נאָך אין 1915 האָבן ציוניסטישע טוער אין מאָנטרעאַל אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז מען דאַרף בייטן די ציוניסטישע אָריענטאַציע; אַז אַנשטאָט צו האָפן אויף טערקיי, זאָל מען בעסער זיך שטיצן אויף ענגלאַנד.

צו פאָרמולירן אָט די נייע אָריענטאַציע, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע גערופן אַ קאָנפערענץ פון ציוניסטן און סתם יידן. דער ציל איז געווען צו פאַראייניקן די אידן פון גאַנצן לאַנד פאַר צוויי זאַכן. ערשטנס, צו מאַניפעסטירן לאָיאַליטעט צו קאַנאַדע און צו ענגלאַנד. צווייטנס, אויסצודריקן דעם וואונטש, אַז ענגלאַנד זאָל איבערנעמען ארץ-ישראל פון די טערקן און געבן אַ מעגלעכקייט צום יידישן פאָלק אויפצובויען דאָרט אַ נאַציאָנאַל יידישן היימלאַנד.

צוליב דעם וואָס די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט געטראָגן אַ היסטאָרישן כאַראַקטער — פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג — זיינען געקומען צו איר די וויכטיקסטע פירער פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן. צווישן זיי: לואיס ד. ברייגדייס און דזשייקאָב דע האז. דער גאַסט-רעדנער איז געווען דר. שמריהו לעווין, אַ לייטנדיקע פיגור אין דער ציוניסטישער וועלט-פירערשאַפט. דר. לעווין האָט געהאַלטן אַ רעדע אין העבּרעאיש, און אויסגעדריקט באַגייסטערונג פאַר דער נייער ציוניסטישער אָריענטאַציע, וועלכע האָט זיך געשאַפן אין קאַנאַדע.

אַ וויכטיקער גאַסט ביי דער קאָנפערענץ איז געווען האַנ. אַרטור מיהען, אַ מיטגליד פון פעדעראַלן קאַבינעט. באַגריסנדיק אין נאָמען פון דער קאַנאַדער רעגירונג האָט ער געזאָגט, אַז ווען די אַליאירטע וועלן געווינען דעם קריג וועט דאָס יידישע פאָלק זיכער באַהאַנדלט ווערן מיט יושר און גערעכטיקייט.

אין פרילינג 1917 איז דער בריטישער אויסערן־מיניסטער, לאָרד באַל־פור, געקומען אויף אַ באַזוך אין קאַנאַדע. ער האָט אויך פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין וואַשינגטאָן, ביי פרעזידענט וואודראָ ווילסאָן. ווען לאָרד באַלפור איז געווען אין וואַשינגטאָן האָט ער אַרויסגערופן קלאַרענס דע־סאָלאַ, דעם פרעזידענט פון דער קאַנאַדער ציון אָרגאַניזאַציע. ער האָט מיט אים גערעדט וועגן ענגלאַנד׳ס שטעלונג צום ציוניזם.

פון וואַשינגטאָן איז דע־סאָלאַ געקומען מיט אַ שמחה. לאָרד באַלפור האָט אים געזאָגט, אַז באַלד וועט ענגלאַנד עפנטלעך פּראָקלאַמירן אַ דע־קלאַראַציע צום יידישן פאָלק וועגן ארץ ישראל. דע סאלא האָט געזאָגט אַז באַלפור האָט אים געגעבן אַ „נוסח" פון דער געפּלאַנטער דעקלאַראַציע.

די אָפיציעלע באַלפור דעקלאַראַציע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין נאָוועמבער 1917. זי איז זיכער אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פרייד פון ציוניסטן און פון יידישן פאָלק בכלל, ווי אַ היסטאָרישער דאָקו־מענט. אָבער, דער נוסח פון דער דעקלאַראַציע האָט אַרויסגערופן אַ גע־וויסע מאָס אַנטוישונג ביי יינגערע, מער דינאַמישע ציוניסטישע טוער. זיי האָבן געזען אין איר געוויסע פּאָליטישע באַשרענקונגען, וועלכע באַגרענעצן די מעגלעכקייט פאַר פולשטענדיקער רעאַליזירונג פון די ענד־צילן פון ציוניזם. צווישן די מאָנטרעאַלער ציוניסטן האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע קעגן קלאַרענס דע־סאלא, טאַקע איבער דער שטע־לונג צום פּאָליטישן ציוניזם אין ליכט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

דע־סאלא האָט געהאַלטן, אַז די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט געשליכ־טעט די פּראָבלעמען פון פּאָליטשין ציוניזם, אַז פון איצט און ווייטער קאָן מען שוין אַלץ איבערלאָזן צו ענגלאַנד. די אָפּאָזיציאָנערן האָבן גע־טענה׳ט, אַז די פּאָליטישע אַרבעטן דאַרפן זיך ערשט אָנהויבן.

די יינגערע ציוניסטן זיינען געווען שטאַרק אַנטוישט פון דע־סאָלאַ׳ס שטעלונג און אים באַשולדיקט, אַז ער וויל „ליקווידירן" דעם פּאָליטישן ציוניזם. צווישן די אָפּאָזיציאָנערן זיינען געווען, לואי פיטש, מייקל גאַרבער, בנימין וויינער און בערנאַרד דזשאָזעף, וועמענס נאָמען איז איצט דוב יוסף, דער יוסטיץ־מיניסטער פון מדינת ישראל.

אין 1919 איז ביי דער ציוניסטישער קאָנווענשאָן וואָס איז פאָרגע־קומען אין טאָראָנטאָ געווען אַ דראַמאַטישע דעבאַטע איבער דער דאָ־זיקער פראַגע. דע־סאלא האָט דאַן זיך צוריקגעצויגן פון דער פירערשאַפט. א. י. פרימאַן, פון אָטאַווא, האָט פאַרנומען זיין אָרט אַלס פּרעזידענט פון דער קאַנאַדער ציון־אָרגאַניזאַציע.

מיט די פרימאַנס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון קאַנאַדער ציוניזם. די פרימאַנס זיינען געווען נעענטער צו די פאָלקס-מענטשן. זיי זיינען געווען שטאַרק אָנגענומען אין די רעגירונגס קרייזן פון אָטאַוואַ, וואו זיי האָבן אויסגעאיבט זייער איינפלוס לטובת יידישע צילן. צו די פרימאַנס אין אָטאַוואַ פלעגן אָפט קומען די גדולים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג צוליב וויכטיקע אָנגעלעגנהייטן בנוגע ארץ-ישראל אויף פאַרשיידענע געביטן.

מרס. פרימאַן האָט געשפּילט אַ לייטנדיקע ראָלע אויך אין רעליף-אַרבעטן. זי האָט אָנגעפירט, אין 1920, מיט דער גרויסער הילפס-אַקציע לטובת יידישע יתומים פון אוקראַינע, יתומים, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע עלטערן אין די פּאָגראָמען פון 1919.

מרס. פרימאַן האָט צוזאַמענגערופן אַ קאָנפערענץ אין אָטאַוואַ פון יידישע כלל-טוער. דאָרט האָט מען באַשלאָסן צו ברענגען אַזויפיל יתומים פון אוקראַינע וויפיל ס'איז נאָך מעגלעך.

אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער אַקציע האָט מרס. פרימאַן געמאַכט אַ טור איבערן לאַנד. אומעטום האָבן יידן זיך האַרציק אָפּגערופן. מען האָט בייגעשטייערט געלט און זיך אויך רעגיסטרירט פאַר „עלטערן” צו אַדאָפּטירן די יתומים קינדער ווען זיי וועלן קומען.

אַ ספּעציעלער שליח, ה. הערשמאַן, איז געשיקט געוואָרן קיין אוקראַינע צוזאַמענצוקלייבן 150 קינדער, פּאָגראָם-יתומים, און זיי געבראַכט קיין אַנטווערפּן. מרס. פרימאַן איז אַרויסגעפאָרן אַהין צו באַגעגענען די קינדער און זיי ברענגען קיין קאַנאַדע .

דאָס איז געווען איינע פון די גרעסערע רעליף-אַקציעס, וועלכע קאַנאַדער יידן האָבן דורכגעפירט באַלד נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, אין וועלכער לילי פרימאַן האָט געשפּילט אַ לייטנדיקע ראָלע.

אָבער לילי פרימאַן איז געווען מער באַוואוסט צו די יידן אין קאַנאַדע — און אויסער קאַנאַדע — פאַר אירע ציוניסטישע טעטיקייטן. אַלס פּרעזידענטין פון דער קאַנאַדער הדסה-אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז שטענדיק געווען די גרעסטע אָרגאַניזאַציע פון יידישע פרויען אין קאַנאַדע.

מרס. פרימאַן האָט אַריינגעבראַכט אַ סך נשמה און האַרץ אין ציוניסטישע טעטיקייטן. זי האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין אַלע פּראַקטישע אונטערנעמונגען פאַר ארץ ישראל, וועלכע זיינען אונטערגענומען געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן. זי האָט אויסגעברייטערט די הדסה-באַוועגונג איבערן גאַנצן לאַנד און איז אַריין אין דער יידישער געשיכטע פון קאַנאַדע אַלס איינע פון די אָנגעזעענסטע פירערינס פון ציוניזם און פון אַלע נאַציאָנאַלע הילפס-אַרבעטן לטובת די געליטענע יידישע געמיינדעס אויף יענער זייט ים.

# ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

**די אָרגאַניזירונג פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס. — די גרויסע אויפגאַבן פאַר אידישע געמיינדעס. — די ווירקונג פון דער באַלפור דעקלאַראַציע אויפן יידישן לעבן.**

די רעזולטאַטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן געשאַפן ערנסטע פּראָבלעמען פאַרן יידישן פאָלק אין אַלע לענדער. עס זענען אַנטשטאַנען גרויסע אויפגאַבן צוליב וועלכע מען האָט זיך געמוזט אָרגאַניזירן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב.

די הויפּט אויפגאַבן זענען געווען: בויען ארץ ישראל אין איינקלאַנג מיט דער באַלפור דעקלאַראַציע און צו ברענגען שנעלע הילף צו די יידישע געמיינדעס אין מזרח־אייראָפּע, וועלכע האָבן שטאַרק געליטן פון דער מלחמה און פון פּאָגראָמען.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט, אָבער דער שלום איז נישט געקומען צו די מערסטע יידן פון מזרח־אייראָפּע.

אין רוסלאַנד האָט די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע פאַראורזאַכט אַ בירגער־קריג פון וועלכן פילע יידישע געמיינדעס האָבן שטאַרק געליטן. די אַנטי־באָלשעוויסטישע גרופּעס האָבן פאַגראָמירט יידן מיטן געשריי, אַז יידן האַלטן מיט די קאָמוניסטן. אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע האָט מען אָנגעהויבן זאַמלען גרויסע סומעס צו העלפן די געליטענע יידישע געמיינדעס אויף יענער זייט ים.

נאָך איידער דער קריג האָט זיך געענדיקט, איז שוין אָנגעפירט געוואָרן אַ שטאַרקע באַוועגונג צו אָרגאַניזירן די יידן פון די שטאַטן און פון קאַנאַדע, פאַר די גרויסע אויפגאַבן וועלכע די מלחמה האָט געבראַכט. אַזוי ווי אין די שטאַטן, האָט אויך אין קאַנאַדע זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו אָרגאַניזירן אַ קאָנגרעס אין וועלכן אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען פון יידישן לעבן זאָלן זיין פאַרטראָטן.

אין אָנפאַנג איז געווען אַ ווידערשטאַנד מצד געוויסע קרייזן וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז אַ יידישער קאָנגרעס איז נישט נויטיק. אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן זיך געשראָקן, אַז אין אַזאַ קאָנגרעס וועלן די נישט־ציוניסטן האָבן אַ מערהייט און עס וועט זיין שווערער צו פאַרנעמען זיך מיט גרעסערע ציוניסטישע אַקטיוויטעטן וועלכע זענען געווען שטאַרק נויטיק אין יענער צייט.

די אַלגעמיינע סאָציאַליסטן האָבן געמיינט, אַז אַ יידישער קאָנגרעס איז נישט אין איינקלאַנג מיטן גייסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם. די סאָציאַ־

ליסטן האָבן דאָן געגלויבט, אַז סאָציאַליזם קאָן נישט גיין האַנט אין האַנט מיט נאַציאָנאַליזם.

די „קאַנאַדייזירטע", ענגליש-רעדנדיקע יידן האָבן געגלויבט, אַז דאָס קאָן אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ „סעפּאַראַטיזם", ווי שאַפן אַ „שטאַט אין אַ שטאַט".

אָבער די קעגנערשאַפט האָט זיך אָפּגעשוואַכט. רייכע יידן האָבן איינגעזען, אַז עס ענדערט זיך די וועלט; אַז סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ווערן שטאַרק אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער.

די איניציאַטאָרן פאַר אַ יידישן קאָנגרעס זענען געווען מערסטנס פּועלי-ציון גרופּעס און באַוואוסטזיניקע אַלגעמיינע ציוניסטן וועלכע האָבן געגלויבט, אַז דורך אַ ברייטער אָרגאַניזאַציע ווי דער קאָנגרעס, וועט מען קאָנען דערגרייכן אויך די נישט-ציוניסטישע גרופּעס און זיי באַווירקן צו ווערן אַקטיוו פאַר ארץ-ישראל.

די ערשטע סעסיע פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין מערץ 1919. זי האָט זיך דערעפנט מיט אַ תפילה פון הרב צבי הכהן אין מאָנומענט נאַשיאָנאַל טעאַטער. לייאָן קאָהען האָט באַגריסט די 210 דעלעגאַטן פון גאַנצן לאַנד. צווישן די רעדנער ביי דער ערשטער זיצונג זענען געווען: ראַבאַי דר. ה. אַבראַמאָוויטש, ראובן ברייניז, קלאַרענס דע סאָלאַ, פּיטער בערקאָוויטש און אַ גאַסט פון די שטאַטן — דר. ח. זשיט-לאָווסקי.

די קאָנגרעס-סעסיע האָט אָנגעהאַלטן דריי טעג. די מערסטע רעדעס זענען געהאַלטן געוואָרן אין יידיש. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פּאַריז, וועלכע זאָל צוזאַמען מיט דעלעגאַציעס פון אַנדערע לענדער, צושטעלן די יידישע פאָרלאַנגען צו דער שלום-קאָנפערענץ אין ווערסאַי.

די צוויי הויפּט פאָרלאַנגען צו דער שלום קאָנפערענץ זענען געווען: אַ אידיש היימלאַנד אין ארץ ישראל און פאַרזיכערן גלייכע רעכט פאַר יידן אין אַלע לענדער.

פאַר די הויפּט באַאַמטע פון קאָנגרעס זענען דערוויילט געוואָרן: לייאָן קאָהען, פּרעזידענט און ה. מ. קייזערמאַן, גענעראַל-סעקרעטאַר.

אין די ערשטע יאָרן נאָך זיין גרינדונג האָט געהערשט אַ סך באַגייס-טערונג אַרום דעם קאָנגרעס, וועלכער איז געוואָרן דער אָפיציעלער אַדרעס פון קאַנאַדער יידנטום. איינע פון זיינע ערשטע גרעסערע אַרבעטן איז געווען צו באַטייליקן זיך, מיט יידישע פאָרשטייער פון אַנדערע לענדער, אין אַ גרויסער דעלעגאַציע וואָס זאָל פאָרן קיין ווערסאַי, צו שטעלן יידישע פאָדערונגען ביי דער שלום-קאָנפערענץ. דאָס איז אויך געווען נישט קיין גרינגער ענין. עס איז דאָן פיל דעבאַטירט געוואָרן וועגן דעם וואָס מען זאָל פאָדערן פאַרן יידישן פאָלק. אַלע זענען געווען איניק אין דעם, אַז די שלום-מאַכער דאַרפן באַוואָרענען, אַז די באַלפור-דעקלאַראַציע

זאָל פּינקטלעך דורכגעפירט ווערן, אַז ארץ ישראל זאָל ווערן אַ זיכערער היימלאַנד פאַרן יידישן פאָלק. אָבער נישט אַלע זענען געווען איינ<br>יק אויב מען זאָל פאַרלאַנגען יידיש קולטורעלע אויטאָנאָמיע, ספּעציעל אין די נייע לענדער פון מזרח־אייראָפּע — פּוילן, ליטע, לאַטוויע, וועלכע זענען פריער געווען טיילן פון רוסלאַנד.

אין יענער צייט האָט אויסגעקוקט, אַז אין ווערסאַי וועט מען לייגן דעם יסוד פאַר אַ נייער וועלט־אָרדענונג, וואָס זאָל פאַרזיכערן, אַז מער קיין מלחמות זאָלן ניט פאָרקומען; אַז אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן זאָלן קריגן די פאַרזיכערונג צו אַנטוויקלען זייערע קולטורן און געניסן פולשטענדיקע גלייכבאַרעכטיקונג אויף אַלע געביטן. פּרעזידענט וואודראָ ווילסאָן איז געווען די צענטראַלע פיגור אין ווערסאַי. ער איז דאַן באַצייכנט געוואָרן פאַר איינעם פון די ליבעראַלסטע פּרעזידענטן וואָס אַמעריקע האָט ווען עס איז געהאַט.

אין ווערסאַי זענען געקומען פאָרשטייער פון אַלע לענדער אין אייראָפּע וועלכע האָבן געפאָדערט זיכערקייט־גאַראַנטיעס, אַז מער קיין קריג זאָל נישט פאָרקומען. אין אַלע לענדער האָבן סאָציאַליסטן און ליבעראַלן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין זייערע רעגירונגען. פון דער פריערדיקער גרויסער רוסלאַנד האָבן זיך אָפּגעבראָכן אַ צאָל געגנטן וועלכע זענען געוואָרן באַזונדערע רעפּובליקן.

אויסער אין רוסלאַנד האָט די פּוילישע רעפּובליק געהאַט אַ גרויסע צאָל יידן פאַר וועלכע עס האָבן זיך געוויזן גרויסע מעגלעכקייטן פאַר אַ געזונט יידיש לעבן. פאַר די סאָוועטישע יידן איז די צוקונפט נישט געווען באַשטימט. אונטער דער קאָמוניסטישער הערשאַפט האָט מען נישט געקאָנט פאָראויסזען, אַז עס זאָל זיין פרייהייט פאַר רעליגיעזע און העברעאיש־קולטורעלע יידישע אַקטיוויטעטן. מען איז געווען זיכער, אַז אין די סאָציאַליסטיש־דעמאָקראַטישע לענדער וועלן די יידישע ישובים געניסן אַלע גייסטיקע און קולטורעלע פרייהייטן מיט גלייכע בירגערלעכע רעכט אויף אַלע געביטן.

אין ווערסאַי האָבן די נייע קלענערע מלוכות פון מזרח־אייראָפּע זיך פאַרפליכטעט צו רעספּעקטירן די רעכט פון מינאָריטעטן. ווענן רוסלאַנד האָט מען געהאָפט, אַז די סאָוועטישע מאַכט וועט זיך צופּאַסן צו די אַנדערע לענדער פון דער וועלט און איינשטעלן אַן אָרדענונג אין וועלכער די יידישע מינאָריטעט וועט געפינען איר אָרט אין דער נייער סאָוועטישער געזעלשאַפט. מען האָט גערעכנט, אַז אַ גרויסע צאָל פון די רוסישע יידן וועט איבערגיין צו ערד־אַרבעט. יידישע פירער פון אַמעריקע, ווי דזשוליוס ראָזענוואַלד, אַ מולטי מיליאָנער, האָט איינגעשטעלט פאַרבינדונגען מיט די סאָוועטישע פירער פאַר דעם דאָזיקן ציל. די סאָוועטן האָבן געהאַט דערלויבט פירער פון „אַגראָ־דזשאָינט" צו קומען קיין רוסלאַנד און העלפן פינאַנסירן די גרינדונג פון יידישע פאַרם־קאָלעקטיוון. מען האָט געהאָפט,

אז די רוסישע יידן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די מוראדיקע פּאָגראָמען פון דעם בירגער־קריג, וועלן קריגן די געהעריקע הילף צו איינאָרדענען זיך אין די ראַמען פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט. אָט די האָפענונג האָט אָנגעהאַלטן אַ געוויסן פּעריאָד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אָבער זייער פיל האָט מען געהאַט געהאָפט אויף די סאָציאַליסטישע רעגירונגען פון די נייע שטאַטן, פּוילן און ליטע, וואו אַ גרויסער טייל פון אייראָפּעאישן יידנטום איז געבליבן קאָנצענטרירט, מיט אַלע מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען אַ געזונטן און פרוכטבאַרן קולטורעלן יידישן לעבן, וואו עס וועט בליען אַ פרייע פול באַרעכטיקטע יידישע געזעלשאַפט, אין איינקלאַנג מיט די הומאַנישע פרייהייטס־פּרינציפּן וועלכע פּרעזידענט ווילסאָן האָט פאָרמולירט און פּראָקלאַמירט אין ווערסאַי.

עס האָט זיך לײדער אַרויסגעוויזן, אַז פּרעזידענט ווילסאָן האָט נישט אויסגעפירט מיט זיין ליבעראַלער וועלט־אָרדענונג פּראָגראַם. די ווערסאַי טריטי האָט נישט געגעבן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן די פרייהייט וועלכע מען האָט צוגעזאָגט; די יידישע מינאָריטעטן אין פּוילן, רומעניע, ליטע זענען געדריקט געוואָרן פון ענג־שאָוויניסטישע און רעאַקציאָנערע אַנטיסעמיטישע גרופּעס.

דער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן האָט אָנגענומען אַן ערנסטן כאַראַקטער. מען האָט געהערט וועגן מוראדיקע אָנפאַלן אויף פּוילישע יידן. די רעגירונג פון דער נייער פּוילן האָט דאַן געפירט אַזאַ פּאָליטיק ווי זי וואָלט וועלן אַז די פּוילישע יידן זאָלן זיך אָפּטראָגן פון לאַנד.

אין די יידישע געמיינדעס פון די שטאַטן און קאַנאַדע האָט מען דאַן שטורמיש פּראָטעסטירט קעגן דער פּוילישער רעגירונג. אין מאָנטרעאַלער שטאָט־ראַט האָט מען אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו פּראָטעסטירן קעגן די רדיפות אויף יידן. די רעזאָלוציע איז אַריינגעבראַכט געוואָרן פון לייאָן וו. דזשייקאָבס, קיו.סי., וועלכער איז אין 1919 געווען מיטגליד פון שטאָט־ראַט. אין דער זעלבער צייט האָט ס. וו. דזשייקאָבס, קיו.סי., אַריינגעבראַכט אַן ענלעכע רעזאָלוציע אין פעדעראַלן פּאַרלאַמענט. די לאַגע פון די פּוילישע יידן איז געווען זייער שלעכט אין דעם גאַנצן פּעריאָד פון די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן.

# עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּראָספּעריטי

**די ווירקונג פון דער נאָך־מלחמה פּראָספּעריטי. — די ענדערונגען אין גאַרמענט־צענטער. — דער קולטורעלער אויפשוואונג. — דער דראַמאַטישער איבערברוך.**

אין דעם ערשטן טייל פון די צוואנציקער יאָרן האָט זיך געשפּירט אין לאַנד אַ שטאַרקע עקאָנאָמישע אויפלעבונג. יידן זיינען אריינגעצויגן געוואָרן אין נייע צווייגן פון אינדוסטריע, קאָמערץ און ריל־עסטעיט.

וויכטיקע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען דאָן אין גאַרמענט־צענטער.

פון די אַלטע נישט־סאַניטאַרישע סוועט־שעפּער האָבן פאַבריקאַנטן זיך אריבערגעקליבן אין מאָדערנע לופטיקע געביידעס, וואו עס איז געווען גרינגער און באַקוועמער צו אַרבעטן. די אַרבעטער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין שטאַרקע יוניאָנס, געאַרבעט אונטער קאָלעקטיווע אַגרימענטס און נישט באַדאַרפט סטרייקן זייער אָפט, ווי עס איז געווען פריער, אין די אימיגראַנטישע יאָרן, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

עס האָט זיך אויך געביטן דער קולטורעלער ניוואָ פון די יידישע מאַסן. נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג האָט זיך אָנגעהויבן אַ בליאונגס־פּעריאָד פאַר דער יידישער קולטור און ליטעראַטור. פון אייראָפּע, איבערהויפּט פון פּוילן און ליטע, איז געקומען אַ גרויסע צאָל יידישע אינטעליגענטן, צווישן זיי אַ גרויסע צאָל באַרימטע יידישע שרייבער, דיכטער, אַרטיסטן און קולטור־טוער.

מיט דעם אריינקום פון אָט דער אינטעליגענץ איז פיל באַרייכערט געוואָרן די יידישע פּרעסע און די יידישע קולטור־קרייזן בכלל פון די שטאַטן און קאַנאַדע. עס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ נייער גייסט אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דראַנג נאָך העכערער בילדונג. די צאָל פון יידישע סטודענטן אין היי־סקולס און הויך־שולן האָט זיך באַדייטנד פאַרגרעסערט. פילע יידישע יוגנטלעכע, פון אַרבעטער פאַמיליעס, אָדער פון קליינע געשעפטסלייט, האָבן זיך באַמיט צו אויסמיידן די שניידער־שעפּער און געזוכט די וועגן צו קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן.

די עקאָנאָמישע פּראָספּעריטי וואָס איז געקומען אַ דאַנק דער מלחמה, האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט אַרבעטער־עלטערן צו שיקן זייערע קינדער אין היי־סקול. די פּעאיקערע פון זיי האָבן שוין נאָכער געפונען דעם וועג צום אוניווערסיטעט. די טעכטער פון אָט די אַרבעטער־עלטערן

האָבן זיך געלערנט פֿאַר בוכהאַלטערינס, סטענאָגראַפֿיסטקעס, אויך כדי צו אויסמיידן די קליידער־שעפּער. דאָס האָט געשאַפֿן אַן אַלגעמיינע ענדערונג אין יידישן לעבן. עס האָט געפֿירט דערצו, אַז די צאָל פֿון געשעפֿטסלייט, סוחרים, קרעמער און פּראָפֿעסיאָנאַלן זאָל ווערן גרעסער אויפֿן חשבון פֿון שאַפּ־אַרבעטער.

די נייע אימיגראַציע האָט אויך געבראַכט אַ גרעסערע צאָל לומדים, משכּילים, ציוניסטישע און העבֿרעאישע עסקנים. עס זיינען אויך געקומען נייע דערפֿאַרענע און קוואַליפֿיצירטע לערער. זייער איינפֿלוס האָט זיך געלאָזט שטאַרק שפּירן. די יידישע געמיינדע האָט צוליב דעם געקראָגן אַן אַנדער גייסטיקן און קולטורעלן פּנים.

דער כאַראַקטער פֿון יידישער כּלל־אַרבעט האָט זיך פֿונדאַמענטאַל געביטן. די גרויסע נאַציאָנאַלע אַרבעט פֿאַר ארץ ישראל און פֿאַר איבער־ים רעליף האָט געבראַכט נענטער צוזאַמען יידן פֿון פֿאַרשידענע געמיינדעס. עס פֿלעגן אָפֿטער פֿאָרקומען צוזאַמענפֿאָרן אין מאָנטרעאַל, אָדער טאָראָנטאָ, נאַציאָנאַלע קאָנפֿערענצן, אָדער קאָנווענשאָנס, צו וועלכע עס פֿלעגן זיך צונויפֿקומען פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשידענע יידישע געמיינדעס איבערן לאַנד. די צוויי גרעסערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס און די ציוניסטישע באַוועגונג, האָבן זיך פֿאַרצווייגט איבער אַלע טיילן אין קאַנאַדע, פֿון אַטלאַנטיק ביזן פּאַסיפֿיק.

דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אויפֿשטייג אין דער יידישער געמיינדע האָט זיך בולט אָפּגעשפּיגלט אין די גרעסערע געלט־זאַמלונגען וועלכע זיינען דאַן פֿאָרגעקומען סיי פֿאַר ארץ ישראל, סיי פֿאַר יידישע מלחמה־ און פּאָגראָם־קרבנות אויף יענער זייט ים.

אין דער צייט פֿון דער קולטורעלער פּראָספּעריטי האָבן זיך אין ניו־יאָרק געשאַפֿן גרויסע יידישע פֿאַרלאַגן וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן אַ סך יידישע ביכער — געשיכטע, וויסנשאַפֿט, פּאָעזיע און בעלעטריסטיק. אין די יידישע צייטונגען האָבן געווירקט פּראָמינענטע פּובליציסטן, ליטעראַטור־קריטיקער, עסייאיסטן און נאָוועליסטן, וועלכע זיינען פֿריער, איידער זיי זיינען געקומען קיין אַמעריקע, געווען פֿאַרבונדן מיט דער יידישער פּרעסע אין מזרח־אייראָפּע.

די נאָך־מלחמה איינוואַנדערונג האָט געבראַכט קיין אַמעריקע אַ גרעסערע צאָל יידישע אַרטיסטן וועלכע האָבן זיך געהאַט באַרימט געמאַכט אין רוסלאַנד און אין פּוילן.

זייער אָפֿט פֿלעגן קומען קיין מאָנטרעאַל יידישע טעאַטער־טרופּעס וועלכע זיינען געווען צוזאַמענגעשטעלט פֿון אָט די קינסטלער־אַרטיסטן. זיי פֿלעגן שפּילן אין „מאָנומענט נאַשיאָנאַל“ טעאַטער, אָדער אין „היז מאַדזשעסטיס“. זיי פֿלעגן שפּילן פֿון בעסטן יידישן און אַלגעמיינעם רעפּערטואַר.

עס פֿלעגן קומען אַרטיסטן וועלכע זענען געווען פֿאַרבונדן מיט דער

בארימטער „ווילנער טרופע״, אדער מיט דער „הבימה״ פון מאסקווע. זייערע פארשטעלונגען פלעגן ציען א גרויסן עולם פון אינטעליגענטע מענטשן. עס פלעגט זיין א גרויסער יום־טוב אין די קולטור־קרייזן ווען עס פלעגט קומען א טרופע מיט מארים שווארץ, צו שפילן דעם „דיבוק״, אדער ה. לייוויקס, „שמאטעס״, אדער יעקב בן עמי אין פרץ הירשביינס „גרינע פעלדער״. רודאלף שילדקרויט איז אויך געווען פון די גדולים־ארטיסטן וועלכע פלעגן דאן קומען שפילן יידיש טעאטער.

זייער אפט פלעגן קומען באוואוסטע יידישע דענקער און פובליציסטן צו האלטן פארטראגן וועגן אקטועלע לויפנדע יידישע און אלגעמיינע פראבלעמען, אדער וועגן פילאזאפישע ענינים. צו די דאזיקע פארטראגן פלעגט קומען א גרויסער עולם. נאך אזא פארטראג פלעגן פארקומען דעבאטן. די אנוועזנדע פלעגן שטעלן פראגן און דער לעקטאר פלעגט ענטפערן.

די יידישע טעמעס זיינען דאן געווען מערסטנס וועגן ציוניזם. מען פלעגט דעבאטירן אויף וועלכע יסודות מען זאל בויען ארץ־ישראל. אין אנפאנג פון די צוואנציקער יארן פלעגן נאך זיין פרינציפיעלע אנטי־ציוניסטן. פון צייט צו צייט פלעגט דער רעדנער זיין אן אנטי־ציוניסט, דאן האבן די ציוניסטן אים פארווארפן מיט פראגן און מיט אים שטארק דעבאטירט. אויב דער רעדנער איז געווען א ציוניסט, פלעגן די פראגן קומען נאטירלעך מערסטנס פון די אנטי־ציוניסטן. די לעצטע זיינען געווען אלגעמיין סאציאליסטיש געשטימט וועלכע האבן געהאלטן, אז סאציאליזם און ציוניזם הארמאנירן נישט. דער פרינציפיעלער אנטי־ציוניזם איז אבער געווארן אלץ שוואכער און שוואכער.

זייער אפט פלעגן די רעדנער האלטן פארטראגן וועגן דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע אין רוסלאנד. דאס זיינען געווען דעליקאטע טעמעס וועלכע פלעגן ארויסרופן הייסע דעבאטעס און אפט פירן צו קריגערייען.

אויב דער רעדנער איז געווען א לינקער, פלעגט ער שילדערן די קאמוניסטישע פירער פון רוסלאנד ווי די אמתע אויסטייטשער פון מארקסיזם; אז זיי זיינען די ריכטיקע טרעגער פון דער סאציאלער רעוואלוציע פאר דער גאנצער מענטשהייט. אזא פארטראג פלעגט ארויסרופן ביטערע אויסרופן און פראטעסטן מצד די רעכטע סאציאליסטן. די לעצטע פלעגן טענהן, אז די באלשעוויקעס הרגענען אוועק די סאציאלע רעוואלוציע דערמיט וואס זיי אונטערדריקן די פרייהייט פון די בירגער.

אין אזא דעבאטע פלעגט מען זיך קריגן איבער דעם אויב „פראלעטארישע דיקטאטור״ איז בארעכטיקט, אדער נישט, לויט דער מאראל פון מארקסיזם און סאציאליזם. ביידע צדדים פלעגן זיך קאכן. די דעבאטע פלעגט זיך ענדיקן שפעט ביינאכט. אויפן צווייטן טאג, ווען דער לעקטאר איז שוין נישט געווען, פלעגן די צוהערער דעבאטירן צווישן זיך אין די שעפער אדער אומעטום וואו זיי פלעגן זיך באגעגענען.

# „אַפּטאַונער״ און „דאַונטאַנער״

**די פּראָספּעריטי וואָס האָט געשאַפן אַ נייעם יידישן מיטל־קלאַס. — די נייע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. — לאַנדסמאַנשאַפטן און לאָון סינדיקאַטן.**

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער גרויסער וועלט־מלחמה, האָבן די טראַדיציאָנעלע רייכע יידן, די „אַפּטאַונער״ געוואָרן אוים יחסנים אין דער געמיינדע. אַ סך פון די „דאַונטאַנער״, די נעכטיקע אימיגראַנטישע יידן, האָבן גענאָסן פון דער מלחמה־פּראָספּעריטי און אויך געוואָרן פאַר־מעגלעך. אַנדערע — זייער רייך.

אַ צאָל פון זיי האָט זיך „אַרויפגעאַרבעט״ זייער גרוים. פילע האָבן זיך אַריינגעקליבן אין וועסטמאַונט און געוואָרן נאָענטע שכנים צו די טראַדיציאָנעל רייכע וועלכע האָבן דאָרט געוואוינט שוין לאַנג, נאָך פאַרן קריג.

אַנדערע האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין אוטרעמאָנט, וואָס איז אויך געווען אַ פיינער רעזידענץ געגנט. דאָרט איז שנעל געוואָרן אַ קאָמפּאַקטער יידישער געגנט. עס האָבן זיך שנעל אויפגעבויט נייע גאַסן מיט שיינע הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן געוואוינט נעכטיקע „דאַונטאַנער״, וועלכע האָבן מצליח געווען אין זייערע געשעפטן און זיינען געוואָרן מער־ווייניקער פאַרמעגלעך.

די נייע בעלי־בתים, וועלכע האָבן געלעבט מיט מזרח־אייראָפּעאישע טראַדיציעס, האָבן שוין ניט געוואָלט, אַז נאָר די „אַפּטאַונער״ זאָלן דאָמינירן די פילאַנטראָפּישע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון דער געמיינדע. זיי האָבן געבויט גרויסע סינאַגאָגן אין אוטרעמאָנט — „עדת ישראל״, „יאַנג איזראַעל״ — און גענומען בויען נייע יידישע אינסטי־טוציעס פאַר פילאַנטראָפּישע און געזעלשאַפטלעכע צוועקן.

אין יענע יאָרן איז דער אונטערשייד צווישן „אַפּטאַונער״ און „דאַונ־טאַנער״ געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. די נעכטיקע דאַונטאַנער זיינען געוואָרן אייגנטימער פון גרויסע הייזער און געהאַנדלט מיט ריעל־עסטייט. זיי האָבן געעפנט גרויסע קליידער פאַבריקן און קאָנקורירט מיט די אַלטע טראַדיציאָנעלע גרויסע קליידער־פירמעס. עס האָבן זיך געוויזן גרויסע יידישע האָלסעיל געשעפטן פון דריי־גודס און טעקסטיל. יידן האָבן אויך אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין סט. דזשיימס סטריט און האַנדלען מיט ווערט־פּאַפּירן אויפן סטאָק מאַרקעט.

גרויסע ענדערונגען זיינען אויך פאָרגעקומען אויפן קולטורעלן געביט.

עס האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק. אַלע קולטור־טעטיקייטן זיינען געשטיגן צו אַ הויכן ניוואָ.

אַ דאַנק דעם אויפגעקומענעם נייעם מיטל־קלאַס איז געווען מעגלעך צו שאַפן גרעסערע סומען פאַר איבער־ים רעליף און פאַר ציוניסטישע צוועקן. אַט די יידן זיינען געוואָרן די אָנפירער און טוער פון גרויסע רעטונגס־אַקציעס לטובת לייטנדע יידישע געמיינדעס אויף יענער זייט ים. זיי האָבן געלעבט אין רייכע באַקוועמע היימען, אָבער זיי האָבן ניט פאַרגעסן די נויט און אָרעמקייט וואָס זיי האָבן מיט יאָרן צוריק געליטן אין דער אַלטער היים.

אין יענער צייט האָבן זיך געשאַפן אַ גרויסע צאָל לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען צו העלפן די לייטנדע יידן אין די שטעט און שטעטלעך פון דער אַלטער היים. די ידיעות וועלכע פלעגן קומען פון אַט די שטעט און שטעטלעך זיינען געווען זייער שלעכט. אומעטום האָט מען גערודפט יידן צוליב פאַרשידענע אורזאַכן. אין פוילן האָט מען באַשולדיקט די יידן, אַז זיי האַלטן מיט די באָלשעוויקעס, פאַר וועלכע די פּאָליאַקן האָבן שטאַרק געציטערט. די פוילישע רעגירונג איז אָנגעפירט געוואָרן פון נאַציאָנאַליסטן, וועלכע האָבן געקוקט אויף יידן ווי אויף פרעמדע און איבעריקע. די פוילישע יידן האָבן שטאַרק געקעמפט פאַר זייערע רעכט. אין פוילישן סיים און אויך אין סענאַט זיינען געזעסן מוטיקע יידישע דעפּוטאַטן וועלכע זיינען געווען יעדן טאָג פאַרנומען מיטן קאַמף קעגן די דאָרטיקע אַנטי־סעמיטן. אין די יידישע צייטונגען פון ניו יאָרק און מאָנטרעאָל פלעגט מען אָפט שרייבן וועגן די מוטיקע רעדעס פון יצחק גרינבוים און אַנדערע יידישע פאָרשטייער. אָבער זייערע רעדעס פלעגן ווייניק העלפן. דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געשטאַרקט. פּאָ־ליאַקן פלעגן שרייען צו יידן: „פאָרט קיין פּאַלעסטינע!". זיינען געווען יידן וועלכע האָבן טאַקע אין יענע יאָרן פאַרלאָזט פוילן צו פאָרן קיין ארץ ישראל. עס זיינען געווען אַקטיווע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן צוגעגרייט און טריינירט פילע יוגנטלעכע צו זיין חלוצים אין ארץ ישראל.

די פוילישע יידן אין מאָנטרעאָל און אין טאָראָנטאָ האָבן זיך צוליב דעם אָרגאַניזירט סיי אין קליינע לאַנדסמאַנשאַפט גרופּעס, סיי אין דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „דער פאַרבאַנד פון פוילישע יידן". דער דאָזיקער פאַרבאַנד האָט געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע אין דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן פון לאַנד. עס איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון פּאָלקסטימלעכע יידן וועלכע זיינען געווען שטאַרק צוגעבונדן צו זייערע קרובים און פריינט פון דער אַלטער היים, אויך צו זייער קולטור און לעבנס־שטייגער. דער „פאַרבאַנד פון פוילישע יידן" איז געווען שטאַרק אַקטיוו אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן. זייער אָפט פלעגט ער שיקן דעלעגאַציעס קיין אָטאַווע, צו פּראָ־

טעסטירן קעגן דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג, און צו פאַרלאַנגען, אַז קאַנאַדע זאָל זיך איינשטעלן לטובת די דאָרטיקע יידן. אויך דער „פאַרבאַנד פון רומענישע יידן" האָט זיך פאַרנומען מיט ענלעכע טעטיקייטן. אויך רומעניע איז געווען אַ שלעכטער צענטער פון אַנטיסעמיטישער טעטיקייט אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן.

אין יענעם פעריאָד האָבן „דאַונטאַונער" יידן אויך געשאַפן אַ גרעסערע צאָל פון ליי־קאַסעס, וועלכע מען האָט גערופן „לאָון סינדיקאַטן".

דער צוועק פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס איז געווען אַרויסצוגעבן הלוואות צו קליינע און מיטעלע געשעפטסלייט אויף אַ קאָמערציעלן באַזיס, ניט אויפן באַזיס פון „גמילות־חסדים". אין דער „גמילות־חסדים" סאָסייעטי פלעגט מען קריגן הלוואות אָן פּראָצענט. אָבער דאָס האָט שוין אויסגעקוקט ווי געניסן פון צדקה. לייען פון אַ „לאָון סאָסייעטי" האָט שוין געמיינט „טאָן ביזנעס".

פאַר אַ געוויסער צייט האָבן די דאָזיקע סאָסייעטיס פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין דער געמיינדע. ווען מען פלעגט רופן אַ פאָלקס־קאָנפע־רענץ וועגן אַ וויכטיקער קהל'שער זאַך, פלעגן די לאָון־סינדיקאַטן צושטעלן אַ גרויסע צאָל דעלעגאַטן. ווען מען פלעגט אַרויסלאָזן אַ רוף פאַר פאָנדן, פאַר אַ נויטיקער געמיינדע־אינסטיטוציע, פלעגן זיי אַרויסקומען מיט פיינע בייטראָגן. אָבער, מיט דער צייט האָבן זיי פאַרלוירן זייער נוצלעכקייט און די מערסטע פון זיי האָבן זיך ליקווידירט. בלויז אַ קליינע צאָל איז געבליבן.

אין די דרייסיקער יאָרן איז די פיזישע מחיצה צווישן „דאַונטאַונער" און „אַפּטאַונער" כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן. אין אַלע אינסטיטוציעס זיינען די נעכטיקע „דאַונטאַונער" געוואָרן גלייכע יחסנים ווי די נעכטיקע „אַפּטאַונער". די מערסטע פירער פון אַט די אינסטיטוציעס, די גרעסערע בייַשטייערער צו די גרויסע קאַמפּיינס — פאַר ישראל, פאַר איבער־ים רעליף און פאַר לאָקאַלע אינסטיטוציעס, זיינען זין און אייניקלעך פון די נעכטיקע אימיגראַנטישע יידן, וועלכע האָבן פינאַנציעל מצליח געווען און זיך אויסגעגלייכט מיט די זין און אייניקלעך פון די נעכטיקע „אַפּטאַונער".

# אַרגאַניזירטע ידישע אַרבעטער

**די „פּראָספּעריטי" אין די באַקליידונג אינדוסטריעס. — פּאָלי־טישע איינפלוסן, וועלכע האָבן באַווירקט די נאָדל־פאַך יוניאָנס. — די פראַקציאָנעלע קאַמפן צווישן לינקע און רעכטע.**

אין אָנפאַנג פון די צוואָנציקער יאָרן זיינען אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער — אין די באַקליידונג אינדוסטריעס — געווען אַ וויכטיקער טייל פון דער יידישער געמיינדע. די טרעיד־יוניאָנס פון די נאָדל־פאַכן האָבן אויסגעאיבט אַ שטאַרקן איינפלוס אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אַנגעלעגנהייטן און מען האָט זיך מיט זיי פיל גערעכנט.

אין לויף פון די מלחמה־יאָרן, און אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה, איז פאָרגעקומען אין קאַנאַדע אַ שטאַרקע אינדוסטריעלע אויפ־לעבונג וואָס האָט געבראַכט „פּראָספּעריטי" צו די מערסטע בירגער אין לאַנד. עס האָט זיך שטאַרק געהויבן דער לעבנס־סטאַנדאַרד. אָט די פּראָס־פּעריטי האָט געווירקט אויף דער אויפלעבונג אין די באַקליידונג געשעפטן. מענטשן האָבן זיך בעסער געקליידט. סיי מענער, סיי פרויען, האָבן זיך אָנגעהויבן פּוצן אויף אַ גרויסן שטייגער. די אַרבעטס־באַדינגונגען אין די קליידער פאַכן האָבן זיך צוליב דעם פיל פאַרבעסערט. דאָס האָט געשטאַרקט די יוניאָנס פון די קליידער־אינדוסטריעס.

די אַרבעטער־גרופּעס זיינען דאַן אַריינגעצויגן געוואָרן אַלץ מער אין געזעלשאַפטלעכע און יידיש־קולטורעלע אַקטיוויטעטן. די יוניאָנס פון די באַקליידונג אַרבעטער האָבן זיך פאַרנומען זייער פיל מיט העלפן די געלט זאַמלונגען לטובת די יידישע מלחמה און פּאָגראָם קרבנות אויף יענער זייט ים. אַ געוויסע צייט האָט אויסגעקוקט אַז די נאָדל־טרעיד יוניאָנס זיינען די שטאַרקסטע צווישן די יוניאָנס אין דער אַלגעמיינער טרעיד־יוניאָן באַוועגונג אין לאַנד.

אַביסל שפּעטער, אין די צוואָנציקער יאָרן, האָט זיך די לאַגע געביטן. אינערלעכע פּאָליטישע ·קאַמפן האָבן זיך אַנטוויקלט אין די נאָדל־פאַך יו־ניאָנס, וועלכע האָבן זיי פיל אָפּגעשוואַכט און אפילו פאַרקריפּלט.

דאָס זיינען געווען די פראַקציאָנעלע קאַמפן צווישן לינקע און רעכטע, וואָס האָט אָנגערירט אַ גרעסערע צאָל יוניאָנס, אָבער ספּעציעל די „יידי־שע" יוניאָנס פון די נאָדל־פאַך אַרבעטער.

די פירער פון די נאָדל־פאַך יוניאָנס זיינען צו יענער צייט געווען מערסטנס אויסגעשפּראָכענע דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן, וועלכע זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיי האָבן באַ־

קעמפט אַלע פאָרמען פון דיקטאַטור, אויך די קאָמוניסטישע הערשאַפט. פון דער אַנדער זייט זיינען געווען פילע אַרבעטער, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז דער קאָמוניסטישער רעזשים אין מאָסקווע איז אַ זייער שטאַרקער כוח אין קאַמף קעגן פאַשיזם און אויך קעגן די דייטשע נאַצים, וועלכע האָבן זיך שוין געלאָזט שטאַרק הערן. די קעגנערשאַפט צו פאַשיזם האָט זיי געבראַכט נעענטער צו קאָמוניסטישע איינפלוסן. די קאָמוניסטן זיינען דאַן אַרויסגעקומען מיט לאָזונגען פאַר אַ „פּאַראייניקטן פראָנט" און גע־צילט דערצו, אַז די יוניאָנס זאָלן איבערגיין צום קאָנטראָל פון קאָמוניסטי־שער פירערשאַפט.

דער דאָזיקער פראַקציאָנעלער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן אין ניו־יאָרק און זיך באַלד פאַרשפרייט צו אַלע שטעט פון די שטאַטן און קאַנאַדע. עס איז געווען אַ ביטערער קאַמף. עטלעכע יאָר האָבן די גרעסערע יוניאָנס, די „אינטערנאַשיאָנאַל" און די „אַמאַלגאַמייטעד" פאַרלוירן אַ היבש ביסל פון זייערע פּאָזיציעס וועלכע זיי האָבן געהאַט געוואונען מיט יאָרן פריער, אַ דאַנק די אייניקייט און סאָלידאַריטעט פון די מיט־גלידער.

דער קאַמף צווישן לינקס און רעכטס האָט אין יענער צייט אויך אָנגערירט אַנדערע קרייזן אין די יידישע געמיינדעס. עס האָט שטאַרק אָנגערירט די קולטורעלע און ליטעראַרישע קרייזן. די מורא פאַר פאַשיזם און די שנאה צו רעאַקציע בכלל, וואָס האָט געשפּייזט דעם פאַשיזם, האָט געווירקט אויף אַ גרעסערע צאָל קולטור־טוער און שרייבער, אַז זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין געזעלשאַפטלעכע אַקציעס, וועלכע די לינקע האָבן אָרגאַניזירט.

אָט דער פראַקציאָנעלער קאַמף צווישן לינקס און רעכטס האָט אַ לאַנגע צייט געווירקט אויף דעם געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. עס האָט פיל אָפּגעשוואַכט יידישע קולטור־פּאָזיציעס. אָבער מער שאָדן האָט עס געבראַכט צו די יידישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, ספּעציעל צו די נאָדל־טרעיד יוניאָנס.

עס האָט דערפון שטאַרק געליטן דער „אַרבעטער רינג", די גרעסטע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָט געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע אין די הילפס־אַרבעטן לטובת די מלחמה און פּאָגראָם־קרבנות. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט זיך, צוליב דעם פראַקציאָנעלן קאַמף, פּאַקטיש צעשפּאָלטן. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ סך ביטערקייט צווישן יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען פריער געווען גוט פאַראייניקט.

אין מאָנטרעאָל האָט דער דאָזיקער קאַמף שטאַרק געטראָפן ביידע גרעסערע יוניאָנס, סיי דער אינטערנאַשיאָנאַל, סיי דער אַמאַלגאַמייטעד. אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז עס געקומען דערצו, אַז די מיטגלידער האָבן אינגאַנצן פאַרלאָזט די יוניאָן ווערנדיק מיד פון די אינערלעכע קאַמפן.

די פונקציעס פון דער יוניאָן זיינען פאַר אַ געוויסער צייט סוספּענדירט געוואָרן. אין דער „אַמאַלגאַמייטעד" איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. די „לינקע" צוזאַמען מיט אַנדערע „אומצופרידענע" האָבן געשאַפן אַ באַזונדער „קאַנאַדער יוניאָן" פון באַקליידונג אַרבעטער, וועלכע האָט פונקציאָנירט אַ געוויסע צייט. די דאָזיקע נייע יוניאָן האָט געגעבן די באַלעבאַטים וויכטיקע הנחות אויף דעם חשבון פון די אַרבעטס־באַדינגונגען, כדי צו קריגן פון זיי אַ קאָלעקטיוון אָגרימענט.

סיי די שניידערס, סיי די קלאָוקמאַכער האָבן געצאָלט אַ טייערן פּרייז פאַר דעם אינערלעכן פראַקציאָנעלן קאַמף, וועלכן זיי האָבן געהאַט געפירט. די לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט אין אָנפאַנג פון די דרייסיקער יאָרן. די אַרבעטער זיינען מיד געוואָרן פון די דאָזיקע רייסערייען, און זיינען נאָך מער מיד געוואָרן פון די שלעכטע אַרבעטס־באַדינגונגען אונטער וועלכע זיי זיינען אַריינגעדרייט געוואָרן. נייע פאַרזוכן זיינען געמאַכט געוואָרן צו שטאַרקן זייערע אָפּגעשוואַכטע יוניאָנס, די אינטערנאַשיאָנאַל און די אַמאַלגאַמייטעד.

אין דער צייט ווען די לאַגע איז געווען שלעכט אין די נאָדל־פאַכן, האָבן פילע אַרבעטער פאַרלאָזט די שעפּער און פּרובירט טאָן עפּעס אַנדערש. זיי האָבן זיך גענומען צו קליינע געשעפטן און זיינען אַזוי אַרויסגעפאַלן פון די אַרבעטער־רייען.

די פירער פון די נאָדל־פאַך יוניאָנס, איינשליסנדיק אויך די מילינערי און פוטערוואַרג יוניאָנס — זיינען מערסטנס יידישע. זיי איבן אויס אַ שטאַרקן איינפלוס אין אַלגעמיינע טרייד־יוניאָן קרייזן. זיי שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין געוויסע יידישע טעטיקייטן. זיי זיינען ספּעציעל אַקטיוו אין די קאַמפּיינס פאַר הסתדרות, און אויך פאַר די אַקטיוויטעטן פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

אין „אַרבעטער רינג" איז פאָרגעקומען אַן אויפלעבונג גראָד אין די לעצטע יאָרן איבער דעם וואָס די אימיגראַציע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַריינגעבראַכט אַ היבשע צאָל מענטשן וועלכע זיינען אידעאָלאָגיש געווען פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער אַלטער היים. צווישן זיי זיינען געווען אַקטיווע טוער פון „בונד" אין פּוילן. זייער איינפלוס שפּירט זיך שטאַרק אין „אַרבעטער רינג" און אין „יידישן אַרבעטער קאָמיטעט".

# יידישע דערציאונג

**דער שוואַכער צושטאַנד פון חינוך אין די צוואַנציקער יאָרן. — דער דראַמאַטישער סטרייק פון ת״ת לערער. — די פאַרבעסערונג אין די דרייסיקער יאָרן.**

דער צושטאַנד פון יידישער דערציאונג איז געווען זייער שוואַך אין די צוואַנציקער יאָרן, אין דער צייט ווען יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרנומען מיט זאַמלען אַ סך געלט צו העלפן יידן אויף יענער זייט ים און אַנצוהויבן בויען ארץ ישראל, וועלכע מען האָט געהאָפט, אַז זי וועט באַלד ווערן אַ יידיש היימלאַנד אין איינקלאַנג מיט דער באַלפור דעקלאַראַציע.

וועגן יידישן חינוך האָבן געזאָרגט ווייניק מענטשן און די עלטערן זיינען ווייניק געווען פאַראינטערעסירט. אין דעם אימיגראַנטישן פעריאָד איז דער יידישער חינוך געווען שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט און די מערסטע קינדער האָבן נישט געקראָגן קיין שום יידישע דערציאונג. רעליגיעזע יידן האָבן געזאָרגט בלויז דערפאַר, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך אויסלערנען עברי אויף אַזויפיל, אַז זיי זאָלן זאָגן קדיש „נאָך 120 יאָר״. וועגן זייערע מיידלעך האָבן זיי געוואָלט, אַז זיי זאָלן קענען שרייבן יידיש, כדי אויב נויטיק זאָלן זיי קענען אָנשרייבן אַ בריוול צו אַ נאָענטן פריינט ערגעץ אין דער אַלטער היים. עס איז דערפאַר געווען אַ טענדענץ, אַז יינגלעך זאָל מען שיקן אין דער תלמוד־תורה און מיידלעך אין די וועלטלעכע שולן, וואו מען האָט געהאַט אַ פאָזיטיווע באַציאונג צו די מאָדערנע שפּראַכן, יידיש און העברעאיש, און צו דער וועלטלעכער יידישער ליטעראַטור.

אין די וועלטלעכע קרייזן האָט מען גענומען ערנסטער דעם ענין פון חינוך, אָבער עס זיינען געווען חלוקי־דעות אויב מען זאָל לערנען מער העברעאיש און ווייניקער יידיש אָדער מער יידיש און ווייניקער העברעאיש. אין יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַן ערנסטע דעבאַטע אויב יידיש וועט בלייבן די שפּראַך פון די פאָלקס־מאַסן, אָדער העברעאיש וועט דאָמינירן צוליב דעם איינפלוס פון אַ יידישן היימלאַנד אין ארץ־ישראל. ווייניק מענטשן אין אַט די קרייזן האָבן דאַן פאָראויסגעזען, אַז ביידע שפּראַכן וועלן זיך דאַרפן ראַנגלען קעגן ענגליש, וועלכע וועט אַריינדרינגען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער יידישער געמיינדע, אויך אין די סינאַגאָגן. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט אויסגעקוקט, אַז וועלטלעכע יידישקייט, אין דער יידישער שפּראַך וועט זיין אַ יסוד פון יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און קולטורעלע שאַפונגען אין דער יידישער

געמיינדע און דאָס איז געווען דער באַזיס פון וועלטלעכער יידישער דערציאונג אין די צוואַנציקער יאָרן.

אין די תלמוד־תורה׳ס האָט מען זיך קאָנצענטרירט דער עיקר אויף נאַציאָנאַל רעליגיעזער יידישקייט. מען האָט זיך באַמיט צו אַנטוויקלען אין תלמיד אַ באַציאונג און חשק צו דער טראַדיציאָנעלער סינאַגאָג. אין די צוואַנציקער יאָרן זיינען די מערסטע שולן ניט געווען אַזוי פראַכטפול אימפּאָזאַנט און איינדרוקספול ווי זיי זיינען היינט אין די נייע פאַרשטעט, וואו יידן האָבן זיך באַזעצט. די פּאַראַדנע בר־מצוה׳ס זיינען נאָך ניט געווען אין דער מאָדע. די תלמידים האָבן געלערנט אין קלאַסן, וועלכע זיינען געווען אין אָרעמע הייזער.

אין אָנפאַנג פון די דרייסיקער יאָרן איז געקומען אַ פאַרבעסערונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אויפצובויען אַ מאָדערנע געביידע פאַר די פאַראייניקטע תלמוד תורה׳ס. מען האָט אין 1931 דערעפנט די נייע גרויסע צענטראַלע תלמוד־תורה געביידע אויף סט. דזשאָזעף בלווד. אין דער דאָזיקער געביידע, אין סאַמע הארץ פון יידישן געגנט אין יענער צייט, האָבן די תלמידים געלערנט אין מאָדערנע צימערן, אַזוי ווי אין די ענגלישע סקולס.

דאָס אויפבויען פון דער נייער געביידע איז געווען אַ גוטער צייכן, אַז דער ענין פון נאַציאָנאַל־רעליגיעזן חנוך ווערט גענומען פיל ערנסטער אין דער געמיינדע. מען האָט שוין געקאָנט זאַמלען גרעסערע פאָנדן פאַר דעם דאָזיקן צוועק. די קאָסטן פון דעם נייעם בנין זיינען געשאַפן געוואָרן דורך אַ קאַמפּיין וואָס איז פאָרגעקומען גראָד אין דער צייט ווען עס האָט געהערשט אַן ערנסטע דעפּרעסיע, אַלס רעזולטאַט פון דעם 1929 סטאָק מאַרקעט קראַך.

די נייע ת״ת געביידע האָט אויך געדינט אַלס געזעלשאַפטלעכער צענטער. דאָרט פלעגן אָפט פאָרקומען גרויסע פאַרזאַמלונגען וועלכע מען פלעגט רופן פאַר נאַציאָנאַלע אָדער לאָקאַלע יידישע צילן. דאָרט פלעגן אויך קומען באַוואוסטע לעקטאָרס צו האַלטן פאָרטראַגן וועגן ליטעראַרישע אָדער אַלגעמיינע ענינים. אין צייט פון אַ וואַל־קאַמפּיין פלעגן יידישע קאַנדידאַטן דאָרט אָפּהאַלטן זייערע פאַרזאַמלונגען. פריער פלעגן אַזעלכע אַסיפות פאָרקומען אין פרינץ אַרטור האָל. די אַטמאָספערע אין דער ת״ת געביידע איז געווען מער יידישלעך. אַפילו אַ פּאָליטישע פאַרזאַמלונג האָט געהאַט אַ מער יידישן קאָליר אין דער דאָזיקער געביידע.

אָבער אפילו נאָכדעם ווי מען האָט שוין אויפגעבויט די נייע געביידע זיינען אויך געווען ערנסטע שוועריקייטן. מען האָט ניט געקאָנט זאַמלען גענוג געלט צו דעקן דעם בודזשעט וואָס איז געווען זייער קליין לגבי די היינטיקע בודזשעטן. מען האָט ניט געקאָנט צאָלן די לערער זייער שכירות פּינקטלעך. עס פלעגן אַוועקגיין וואָכן און חדשים און לערער פלעגן ניט קריגן זייערע געהאַלטן. זייער אָפט פלעגן דעלעגאַציעס פון לערער קומען

אין „קענעדער אדלער" זיך קלאָגן, למאי זיי קריגן נישט קיין געהאַלטן. דער אַרויסגעבער פון „קענעדער אַדלער" מר. ה. וואָלאָפסקי, פלעגט דאַן רופן צו זיך אין אָפיס דירעקטאָרן פון ת"ת און מען פלעגט זיך באַראַטן וואָס צו טאָן. ניט שטענדיק פלעגן די דאָזיקע באַראַטונגען ברענגען רעזולטאַטן. עס איז איינמאָל געקומען דערצו, אין אָנפאַנג 1933, אַז די לערער האָבן דערקלערט אַ סטרייק. זיי זיינען געקומען צום „קענעדער אַדלער" און דערקלערט, אַז געוויסע לערערס ליידן פשוט הונגער און האָבן ניט קיין כוחות צו לערנען מיט די קינדער. עס איז געווען איינער פון די רירנדסטע סטרייקס וואָס איז מיר אויסגעקומען בייצוואוינען. עס איז ניט געווען קיין סטרייק איבער העכערע לוינען, נאָר פשוט — זיי האָבן געמאָנט די געהאַלטן וואָס מען האָט זיי ניט געצאָלט. יעדן סטרייקנדיקן לערער איז מען געווען שולדיק פאַר אַ סך חדשים שכירות.

די לערער האָבן געסטרייקט צוויי חדשים. דער סטרייק האָט אָפּגע־שפּיגלט דעם שוואַכן אינטערעס פון די מערסטע יידן צו יידישער דער־ציאונג. אַלע קהל'שע טעטיקייטן זיינען אָנגעגאַנגען נאָרמאַל. מען האָט געזאַמלט רעליף פאַר די ליידנדיקע יידן אין אייראָפּע., מען האָט געזאַ־מעלט געלט פאַר ארץ ישראל, אָבער — די ת"ת זיינען געווען געשלאָסן. בלויז אַ קליינע צאָל באַלעבאַטים האָט זיך אויפריכטיק פאַרנומען מיטן ענין, און זיך באמיט, אַז דער סטרייק זאָל זיך ענדיקן.

דער סטרייק האָט זיך געענדיקט ווען דער ועד־העיר האָט אַריינגע־בראַכט אַ סומע געלט צו צאָלן די לערער. מען האָט יעדן לערער געגעבן אַ געוויסע סומע געלט אויף דעם „חוב" וואָס מען איז אים שולדיק.

און בכדי צו פאַרזיכערן, אַז אַזאַ סאָרט סטרייק זאָל זיך ניט ווידער איבער'חזר'ן, האָט מען דורכגעפירט אַ רעאָרגאַניזאַציע אין דער פירער־שאַפט. נייע מענטשן זיינען אַריינגעקומען אין דער אַדמיניסטראַציע, צווישן זיי: לאַזאַרוס פיליפּס, קיו.סי., מר. אייב בראָנפמאַן און מר. בען ביוטעל, דער איצטיקער פרעזידענט.

מיט דעם אַריינקום פון אַט די נייע מענטשן אין דער פירערשאַפט האָט זיך די לאַגע פיל געענדערט. די לערער האָבן שוין מער ניט באַדאַרפט סטרייקן צוליב ניט־געצאָלטע שכירות.

עס האָט גלייכצייטיק זיך אָנגעהויבן פאַרבעסערן דער אַלגעמיינער צושטאַנד פון דערציאונג. די נייע פירערשאַפט פון די ת"ת האָט אַריינ־געבראַכט פאַרבעסערונגען ניט בלויז פאַר די פינאַנציעלע באַדינגונגען פון די לערער, נאָר אויך אַ פאַרבעסערונג אין דעם סיסטעם פון לערנען, און אַ בעסערע באַציאונג מצד דער געמיינדע צו יידישע חינוך־אינסטי־טוציעס.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך דער מצב פון יידישן חינוך נאָך מער פאַרבעסערט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן נייע סאָרטן שולעס אין געוויסע סינאַגאָגעס — די קאָנגרעשאַנאַל שולעס. אַזעלכע שולעס

ווי אין עדת־ישראל, אָדער יאָנג איזראַעל, אָדער שערי־ציון, מיט זייערע „טאָג שולעס" זיינען געוואָרן אַ וויכטיקער טייל אין דעם סיסטעם פֿון יידישן חינוך אין מאָנטרעאָל.

די פֿאַרבעסערונג איז געקומען דער עיקר איבער דעם וואָס עלטערן פֿון ייִנגערן דור, קאַנאַדער געבוירענע, האָבן אָנגעהויבן קריגן אַ בעסערע באַציאונג צום ענין פֿון חנוך. יונגע יידישע מאַמעס, ענגליש־רעדנדיקע, האָבן מיט שטאָלץ געפֿירט זייערע קליינע קינדער לערנען יידישקייט און זיינען געווען גרייט צו צאָלן נאָרמאַלן שכר־לימוד. אין די פֿריערדיקע יאָרן האָבן עלטערן ניט געהאַט קיין חשק צו צאָלן דעם געהעריקן שכר־לימוד. די עלטערן פֿון ייִנגערן דור האָבן אויך אַרויסגעוויזן מער דרך־ארץ פֿאַר די יידישע לערער. ער איז אין זייערע אויגן געווען פּונקט אַזאַ יחסן ווי דער לערער פֿון דער אַלגעמיינער סקול.

ווען דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס האָט געפֿילט, אַז דער ענין פֿון איבער־ים רעליף איז שוין נישט אַזוי דרינגענד ווי ער איז געווען אין די פֿריערדיקע יאָרן, האָט ער זיך גענומען אינטערעסירן אויך מיט דעם ענין פֿון חנוך. דאָס האָט אויך פֿיל געווירקט, אַז דער ענין פֿון יידישער דערציאונג זאָל פֿאַרנעמען אַ גרעסערן אָרט אין יידישער כלל־אַרבעט. דער יידישער קאָנגרעס האָט געשאַפֿן דעם פֿאַראייניקטן יידישן לערער־סעמינאַר כדי צו באַפֿרידיקן דעם פֿאַרלאַנג פֿאַר נייע לערער, וועלכע זאָלן זיין מער צוגעפּאַסט צו די קאַנאַדער־געבוירענע יידישע קינדער.

אין די לעצטע יאָרן פֿאַרנעמט זיך דער „קרן התרבות" אויך מיט יידישער דערציאונג. זיין הויפּט־אויפֿגאַבע איז צו זען, אַז אין די העברעאישע שולן זאָל זיין אַ מאַקסימום־פּראָגראַם פֿון חנוך. אונטער זיין קאָנטראָל שטייען אַ צאָל העברעאישע שולן אין פֿאַרשידענע טיילן פֿון לאַנד.

אָט די אינטענסיווע אַקטיוויטעט פֿאַר חנוך האָט דער „קרן התרבות" אָנגעהויבן אונטער דער דירעקציע פֿון ראַבאַי אהרן הורוויץ, נאַציאָנאַלער דירעקטאָר פֿון דער העברעאישער באַוועגונג. ראַבאַי הורוויץ האָט אָנגעפֿירט מיט העברעאישן חנוך אין מערב־קאַנאַדע אויף אַ ראַיאָנעם מאַסשטאַב. אין די לעצטע יאָרן, זייענדיק דער דירעקטאָר פֿון „קרן התרבות" ווערט די דאָזיקע טעטיקייט אָנגעפֿירט אויף אַ נאַציאָנאַלן פֿאַרנעם.

# פּראָבּלעמען פון רעליגיעזע יידן

**די אָפּטע מחלוקת'ן אין דער געמיינדע איבּער בּשר כּשר קאָנטראָל. — ווען אַ קריגעריי האָט געפירט צו אַ פּראָצעס אין געריכט. — דער ועד העיר.**

אין די צוואנציקער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבּן מערקן אַן אויפשוואונג אויך אין די קרייזן פון די טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע יידן.

די רעליגיעזע יידן זיינען געווען שוואַך אָרגאַניזירט אין דעם אימי־גראַנטישן פּעריאָד, ווען די אַלגעמיינע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז געווען נישט געהעריק איינגעשטעלט. קעגן רעליגיעזע יידן איז געווען אַ שטאַרקער דרוק מצד גרופּעס פון וועלטלעכע יידן, וועלכע האָבּן געלעבּט מיטן געדאַנק, אַז נאַציאָנאַלע יידישקייט און רעליגיעזע יידישקייט זענען צוויי בּאַזונדערע זאַכן, וועלכע לאָזן זיך אָפּטיילן.

עס איז געווען אַ גרויסע צאָל יידישע שרייבּער און פּובּליציסטן וועלכע פלעגן מאַניפעסטירן זייער אָפּט זייער קעגנערשאַפט צו רעליגיע און צו אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט יידישער אמונה. זיי פלעגן פאַרבּינדן אַטעאיזם און אַפּיקורסות מיט ראַדיקאַליזם און פּראָגרעס. בּיי אַ סך מענטשן איז געווען אָנגענומען, אַז די זיין אַ סאָציאַליסט מיינט צו קעמפן קעגן רעליגיע און קעגן טראַדיציע.

די נאַציאָנאַל־געשטימטע סאָציאַליסטן זיינען אויך געווען ניט רעלי־גיעז, כאָטש זיי האָבּן זיך בּאַצויגן מער טאָלעראַנט צו דער שול. פילע האָבּן געלעבּט מיטן געדאַנק, אַז אין יידישן לעבּן קאָן מען אויך אָפּטיילן רעליגיע פון נאַציאָנאַליזם.

אין דעם אימיגראַנטישן פּעריאָד זענען רעליגיעזע יידן געווען פּעסי־מיסטיש. זיי האָבּן געמיינט, אַז דאָ אין לאַנד איז ניטאָ קיין בּאָדן און קיין צוקונפט פאַר רעליגיעזער יידישקייט. זיי האָבּן דעריבּער געזאָרגט וועגן בּלויז צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז אין הויז זאָל זיין כּשר פליש, און צווייטנס, אַז די קינדער זאָלן קענען אַפּיסל עברי, זיי זאָלן קענען דאַווענען ווען זיי קומען אין שול אריין. פון זאַכען וואָס האָבּן צו טאָן מיט רעליגיעזער יידישקייט האָבּן זיי זיך אַזוי ווי מייאש געווען. זיי האָבּן געלעבּט מיטן געפיל פון מורא, אַז זיי זענען דער לעצטער דור פון רעליגיעזע יידן אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָבּן אָנגעהויבּן אריינקומען מער רבּנים און לומדים פון אייראָפּע, ווען רעליגיעזע יידן האָבּן זיך אָנגעהויבּן בּעסער אָרגאַניזירן, איז אָט דער פּעסימיסטישער געפיל פאַרשוואונדן.

וואָס שטאַרקער עס האָט זיך געשפּירט דער איינפלוס פון אַט די רעליגיעזע קרייזן, אַלץ וויניקער אַטעאיזם האָט זיך געשפּירט אין יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. עס איז געוואָרן אויס מאָדע צו שרייבן אַנטי־רעליגיעזע אַרטיקלען אין די „ראַדיקאַלע״ אָדער סאָציאַליסטישע צייטונגען. אין די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קרייזן האָט מען געמאַכט שלום מיט חכמת ישראל און דער עיקר מיט די נביאים, וועלכע זיינען געווען סאָציאַלע קעמפער און נאַציאָנאַלע דענקער. דער תהום צווישן רעליגיעזע און ניט־רעליגיעזע האָט זיך באַדייטנד פאַרקלענערט.

אין די יאָרן פון דער מלחמה און אין די ערשטע יאָרן נאָכן קריג, איז אין לאַנד געווען עקאָנאָמישע פּראָספּעריטי. די דאָזיקע פּראָספּעריטי האָט געשאַפן אַ גרעסערן קלאַס פון דערפאָלגרייכע געשעפטסלייט, צווישן די פרום־רעליגיעזע יידן.

די יידישע געגנט, וואָס איז געווען מערסטנס אין דעם אָרעמען טייל פון שטאָט, האָט זיך אַריבערגעקליבן אין שענערע גאַסן אַפּטאַון. עס האָבן זיך אויפגעבויט נייע גרעסערע שולן. דאָס האָט פיל פאַרשטאַרקט די חשיבות, פּאָזיציעס און איינפלוסן פון רעליגיעזע יידן אין דער געמיינדע.

עס זענען אָבער אַלץ געווען ערנסטע פּראָבלעמען פאַר רעליגיעזע יידן, וועלכע פלעגן אַריינברענגען שפּאַנונג און מחלוקתן. עס איז אָנגעקומען זייער שווער צו אַריינברענגען אחדות אין דער רעליגיעזער קהילה.

עס פלעגן פאָרקומען אָפטע מחלוקתן צווישן רבנים, שוחטים און בעלי־בתים איבער קאָנטראָל פון בשר כשר. פון צייט צו צייט פלעגן די דאָזיקע דיספּוטן אָננעמען אַ זייער ערנסטן כאַראַקטער. עס האָט שטאַרק צעטיילט די געמיינדע. יעדער צד האָט געהאַט זיינע אָנהענגער. אין יענער צייט איז בשר כשר געווען אַ וויכטיקער קוואַל פון פּרנסה פאַר רבנים. די שכירות וועלכע די שולן פלעגן צאָלן צו רבנים זענען געווען קליין און די שטעלע איז נישט געווען קיין זיכערע.

אין 1922 האָט זיך אָרגאַניזירט אַ „קהילה״ פון אַ צאָל שולן און אָרגאַניזאַציעס, כדי צו שאַפן אָרדענונג אויפן געביט פון כשרות. די אָרגאַניזירטע קהילה ,וואָס איז שפּעטער אויסגעברייטערט געוואָרן אונטערן נאָמען „ועד העיר״, האָט אין די ערשטע יאָרן קיין סך נישט אויפגעטאָן. זי האָט געהאַט קעגנער וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען איר אויטאָריטעט. מחלוקתן זיינען פאָרגעזעצט געוואָרן. אַמאָל פלעגן בעלי־בתים זיך אַריינמישן אויסצוגלייכן אַ סכסוך. מען פלעגט אפילו ברענגען פּראָמינענטע רבנים פון די שטאַטן צו פאַרמיטלען. אַמאָל פלעגט אַזאַ מחלוקתן פירן צו אַ פּראָצעס אין געריכט.

אין מאָנטרעאָלער געריכט איז מיר אויסגעקומען בייוואוינען אַזאַ פּראָצעס. נישט אָנרופנדיק קיין נעמען איז אָבער אינטערעסאַנט איבערצוגעבן פאָלגנדע דעטאַלן.

דער ועד־העיר האָט אָנגעקלאָגט אַ בוטשער למאי ער פאַרקויפט

טריפה פלייש פאַר כשרע. די קלאַגע איז געווען באַזירט אויפֿן געזעץ וואָס פֿאַרבאָט פֿאַלשע אַדווערטייזמענטס. אין דעם דאָזיקן פֿאַל האָט דער בוטשער אַנאָנסירט, אַז ער פֿאַרקויפֿט כשר פלייש נישט אַכטנדיק וואָס דער „ועד העיר" האָט אים גע'אסרט.

ביידע צדדים האָבן אַנגעשטעלט פּראָמינענטע אַדוואָקאַטן. די פֿאַרטיידיקונג האָט באַהויפּטעט, אַז אין דעם בשר־כשר אַדווערטייזמענט פֿון אָנגעקלאָגטן איז געווען דורכאויס אמת; אַז דאָס פלייש וואָס ער פֿאַרקויפֿט איז כשר לויטן יידישן דין.

די אָנקלאָגע האָט געבראַכט אַן „עקספּערט" אויף כשרות, אַ פּראָמינענטן רב. ער האָט דערקלערט דעם ענין פֿון כשרות, ווי וויכטיק עס איז פֿאַר דער רעליגיעזער יידישער געמיינדע.

די פֿאַרטיידיקונג האָט אויך געבראַכט אַן „עקספּערט" איבער כשרות, אויך אַ רב, אַ למדן, און ער האָט דערקלערט, אַז דער אָנגעקלאָגטער היט אָפּ אַלע דינים פֿון כשרות אונטער דער אויפֿזיכט פֿון קאָמפּעטענטע משגיחים.

די אָנקלאָגע האָט באַהויפּטעט, אַז דער ועד־העיר רעדט אין נאָמען פֿון דער געמיינדע, ווייל צו איר געהערן די מערסטע שולן פֿון שטאָט. די פֿאַרטיידיקונג האָט אַרגומענטירט, אַז דער פּרינציפּ „אחרי רבים להטות" איז אָנווענדבאַר אין אָנגעלעגנהייטן וואו עס הערשט אַ ספק, אָבער דאָ איז קיין ספק נישטאָ. דער אָנגעקלאָגטער איז נאָכגעקומען דעם דין פֿון כשרות.

די „עקספּערטן" פֿון ביידע צדדים זענען געקומען אין געריכט מיט ספרים פֿון וועלכע זיי האָבן ציטירט דינים פֿון כשרות, און וועגן אויטאָריטעט פֿון אָרגאַניזירטע יידישע געמיינדעס. דער ריכטער האָט געהאַט פיל רעספּעקט פֿאַר אָט די ספרים און די מיינונגען וועלכע חכמי ישראל פֿון אַמאָל האָבן אין זיי אויסגעדריקט. אָבער דער ריכטער האָט נישט געהאַט קיין חשק אַריינצומישן זיך אין אָט דער דראַמאַטישער דעבאַטע. דער ריכטער האָט געבעטן די אַדוואָקאַטן פֿון ביידע צדדים, אַז זיי זאָלן טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך צו ווירקן אויף זייערע קליענטן, אַז זיי זאָלן שליכטן דעם דיספּוט אויסערן געריכט.

די אַדוואָקאַטן האָבן זיך באַמיט. עס האָבן זיך אויך באַמיט „נייטראַלע" בעלי־בתים צו ווירקן, אַז דער סכסוך זאָל זיך אויסגלייכן דורך פֿאַרמיטלונג. רעליגיעזע און אַלגעמיינע כלל־טוער האָבן זיך באַמיט צו אָרגאַניזירן די קהילה אויף אַזאַ אופֿן, אַז אַזעלכע סאָרטן מחלוקתן זאָלן עלימינירט ווערן. עס איז געווען אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס, אָבער עס האָט זיך ענדלעך איינגעגעבן. עס האָט זיך אויסגעברייטערט און באַפֿעסטיקט דער „ועד העיר", וואָס האָט אַריינגעבראַכט אָרדענונג אין רעליגיעזן לעבן און דערמיט געהויבן די חשיבות פֿון טראַדיציאָנעלער יידישקייט אין דער געמיינדע.

# אַרבֿעטער ציוניסטן

**די ראָליע פֿון די פּועלי־ציון און פֿון „פֿאַרבֿאַנד" אין דער אָרגאַ־ניזירונג פֿון יידישן לעבֿן. — די אַקציעס פֿאַר ארץ ישראל. — דער ווידערשטאַנד צו ציוניזם. — דער איינפֿלוס פֿון הסתדרות.**

די פּועלי־ציון האָבֿן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער יידישער געמיינדע אין די צוואַנציקער יאָרן. זיי זיינען געווען אַקטיוו — אַזוי ווי היינט — אויף אַלע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע געבֿיטן. זייער השפּעה האָט זיך געשפּירט סיי דירעקט, דורך זייערע אייגענע אַקטיוויטעטן, סיי דערמיט וואָס זיי האָבֿן בֿאַווירקט אַנדערע גרופּעס צו פֿאַרנעמען זיך מיט נאַציאָנאַל־געזעלשאַפֿטלעכע אַרבֿעטן אין דער געמיינדע.

אין קרייז פֿון די פּועלי־ציון איז געווען קאָנצענטרירט אַ גרויסער טייל פֿון דער יידישער אינטעליגענץ וואָס איז געווען נאַציאָנאַל בֿאַ־וואוסטזיניק.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז דער קרייז פֿון די פּועלי־ציון שוין געווען גוט אויסגעבֿרייטערט אַ דאַנק דער עקזיסטענץ פֿון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבֿעטער פֿאַרבֿאַנד. צום פֿאַרבֿאַנד זיינען געווען אָנגעשלאָסן אויסער פּועלי־ציוניסטן אויך ניט־פּאַרטייאישע אַרבֿעטער און פֿאָלקס־מענטשן.

דער פֿאַרבֿאַנד האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1913 אַ דאַנק אַ בֿאַשלוס וואָס איז אָנגענומען געוואָרן בֿיי אַ פּועלי־ציון קאָנווענשאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מאָנטרעאַל. דער ציל איז געווען צו שאַפֿן אַ מאַסן־בֿאַזע פֿאַר דער פּועלי־ציון פּאַרטיי וועלכע איז אין דער ערשטער צייט געווען בֿלויז אַ קליינע גרופּע. די קאָנווענשאָן וואָס איז פֿאָרגעקומען אין 1910 האָט גענומען אין אַכט, אַז אַ גרעסערע מאַסן־בֿאַוועגונג איז נויטיק כדי צו ווירקן אויפֿן יידישן לעבֿן פֿאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלע צילן, ערשטנס וועגן יידישער דערציאונג און צווייטנס צו אַנטוויקלען אַ פּאָזי־טיווע בֿאַציאונג בֿיי די יידישע מאַסן לטובת ארץ ישראל.

די פּועלי־ציון און דער פֿאַרבֿאַנד האָבֿן געהאָלפֿן שאַפֿן יידישע קולטור אינסטיטוציעס און זיי אויסהאַלטן. זייער וויכטיקסטער ציל איז נאַטירלעך געווען צו ציוניזירן די יידישע פֿאָלקס־מאַסן וועלכע זיינען אין יענער צייט געווען מערסטנס אַרבֿעטער פֿון די בֿאַקליידונג אינדוסטריעס. פֿילע אַרבֿעטער זיינען געווען בֿאַווירקט פֿון סאָציאַליסטישע אידעאַליסטן וועלכע האָבֿן זיך בֿאַצויגן נעגאַטיוו צו ציוניסטישע צילן, אַפֿילו ווען די דאָזיקע צילן האָבֿן אויך געפֿירט צו סאָציאַליזם. די קעגנער פֿלעגן אַרגומענטירן, אַז עס איז ניט פּראַקטיש צו בֿויען אַ יידיש היימלאַנד אין פּאַלעסטינע

ווען מען קאָן קעמפן פאַר סאָציאַליזם אין די לענדער וואו מען וואוינט. ציוניזם און נאַציאָנאַליזם, פלעגן זיי טענה'ן, האַרמאָנירן ניט מיט מאַרק־סיזם און קלאַסן־קאַמף.

די פועלי־ציון האָבן אָנגעפירט אַ שטאַרקע טעטיקייט צו בייקומען אָט די קעגנערשאַפט. פאַר די היינטיקע אַרבעטער־ציוניסטן עקזיסטירט ניט מער אָט די אַרבעט. די דאָזיקע קעגנערשאַפט עקזיסטירט שוין ניט מער. זי איז ליקווידירט געוואָרן אַ לאַנגע צייט צוריק און איז שוין פּאַקטיש פאַרגעסן.

אַמשטאַרקסטן האָט געווירקט צו באַזייטיקן אָט די קעגנערשאַפט איז די טעטיקייט וואָס די פועלי־ציון און דער פאַרבאַנד האָבן אַנטוויקלט פאַר הסתדרות אין ארץ ישראל. די אַרבעטן פאַר הסתדרות האָבן זיך אָנגעהויבן אין 1923, עטלעכע יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די הסתדרות האָט זיך געגרינדעט איבער דעם וואָס פאַר יידישע אַרבעטער איז געווען שווער צו קריגן באַשעפטיקונג ביי פּריוואַטע קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל. ווי נידעריק דער לוין איז געווען פאַר יידישע אַרבעטער זיינען די אַראַבער געווען גרייט צו אַרבעטן פאַר ביליקער.

אין יענער צייט, אין אָנפאַנג פון די צוואַנציקער יאָרן, האָבן יידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל, די אידעאַליסטישע פּיאָנערן־חלוצים, באַדאַרפט אָנפירן אַ ביטערן קאַמף פאַר אַרבעט. און ווען זיי האָבן געזען, אַז זיי קאָנען ניט בייקומען, האָט אַ גרופּע פועלי־ציוניסטן, צווישן וועלכע עס איז געווען אויך בן־גוריון, געשאַפן די אָרגאַניזאַציע וואָס רופט זיך די „הסתדרות", כדי צו קאָנען אַרבעטן פאַר זיך, אָן בעלי־בתים. דער אָנפאַנג איז געווען אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב. מען האָט אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן תבואות, אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון באַזיס. נאָכער האָט מען — אויך אויף אַ קאָלעקטיוון באַזיס — פאַרקויפט די תבואות. נאָכער האָט מען אַליין געבויט וועגן פון איין קאָלאָניע צו אַ צווייטער, כדי מען זאָל זיך קאָנען באַוועגן. אַזוי אַרום האָט זיך אויסגעברייטערט די דאָזיקע „הסתדרות", וואָס איז היינט די גרעסטע אָרגאַניזאַציע אין ישראל, און איז דער עקאָנאָמישער רוקנביין פון דער יידישער מדינה.

איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער הסתדרות־קאַמפּיין אין אַמעריקע — און אין קאַנאַדע — האָבן די פועלי־ציון זיך פאַרנומען מיט שאַפן קלענערע פאָנדן פאַר די אַרבעטער־חלוצים אין ארץ ישראל. פאַר אַ געוויסער צייט האָט מען פאַר זיי געזאַמלט געצייג. עס האָט געהייסן אַז מען פירט אַ „געצייג קאַמפּיין". די דאָזיקע אַקציעס זיינען געווען פון אַ באַשרענקטן כאַראַקטער. מען האָט דערגרייכט בלויז אַ קליינעם קרייז, מערסטנס פון אייגענעם קרייז.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער הסתדרות קאַמפּיין, האָט זיך די לאַגע געביטן. דאַן האָט מען דערגרייכט ברייטערע שיכטן אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. הסתדרות האָט סימבאָליזירט אַן אַרבעטער־אָרגאַ־

ניזאַציע, וואָס איז סאָציאַליסטיש אין גייסט און אין פּראַקטישן לעבן. די הסתדרות האָט אַרויסגערופן גרוים דרך ארץ אין די יוניאָנס פון די נאָדל-פאַכן, וואו יידישע אַרבעטער זיינען געווען קאָנצענטרירט.

די אויפטועו פון הסתדרות-קאַמפּיינס האָבן זיך אויסגעדריקט ניט בלויז אין זאַמלען גרעסערע סומען פאַר ארץ-ישראל, נאָר אין אַריינ־בּרענגען דעם אידעאַל פון אַרבעטער-ציוניזם אין אַזעלכע קרייזן וואו מען איז פריער געווען גלייכגילטיק און קאַלט אָדער נעגאַטיוו צו די אַקטי־וויטעטן פאַר ארץ ישראל.

אין פאַרבינדונג מיט די הסתדרות-קאַמפּיינס האָט מען דורכגעפירט גרויסע פאַרזאַמלונגען אין פּרינץ-אַרטור האָל, אָדער אין אַנדערע גרויסע זאַלן צו וועלכע מען פלעגט בּרענגען פירער פון טרעיד-יוניאָנס, ווי יוסף שלאָסבּערג, סעקרעטאַר-טרעזשורער פון דער „אַמאַלגעמייטעד", איינער פון די אינטעליגענטסטע און אידעאַלסטע טרעיד-יוניאָן פירער; אייב שיפּליאַקאָף, מאַקס זאַרעצקי, פּרעזידענט פון דער מילינערי יוניאָן. די די יוניאָן-פירער, וועלכע זיינען געווען אויך לייטנדע סאָציאַליסטן, פלעגן אימפּאָנירן שטאַרק די שאַפּ-אַרבּעטער. עס פלעגן אויך קומען אָנגעזעענע פּועלי-ציון פירער צו רעדן בּיי אָט די מאַסן-פאַרזאַמלונגען, ווי יצחק בּן-צבי, דער פּרעזידענט פון ישראל, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבּן; זלמן שזר, דער איצטיקער פּרעזידענט פון מדינת ישראל; בּרוך צוקער־מאַן, גאָלדע מאַירסאָן (מאיר), איצט אויסערן-מיניסטער, און אַנדערע.

בּיי די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען פלעגט מען שילדערן ווי די אַרבּעטער־חלוצים אין ארץ ישראל האַקן שטיינער כּדי צו בּויען שאָסייען; ווי זיי טריקענען זומפּן, ווי זיי בּויען קבוצים און שאַפן אין זיי קאָאָפּעראַטיוון און דערמיט פאַרזיכערן זיי, אַז ער זאָל זיך אויפבּויען אין ארץ ישראל אַן עכט סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

* * *

אין די צוואַנציקער און אין די דרייסיקער יאָרן האָבּן די פּועלי־ציון געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, אין די אַקטיוויטעטן פאַר איבּער-ים רעליף און אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. פאָרשטייער פון די פּועלי-ציון און פון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבּעטער פאַר־בּאַנד זיינען געווען אַקטיוו אין „ועד העיר", זייענדיק פאַראינטערעסירט, אַז די דאָזיקע קהילה אָרגאַניזאַציע זאָל שטיצן די יידישע חנוך און קולטור אינסטיטוציעס.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט די פּועלי ציון בּאַוועגונג זיך געמוזט קאָנצענטרירן דער עיקר אויף פּראַקטישע אַרבּעטן פאַר ארץ ישראל. דאָס איז געווען נויטיק צוליבּ צוויי הויפּט סיבּות: ערשטנס דערפאַר, ווייל די הסתדרות האָט זיך אַלץ מער און מער אויסגעבּרייטערט און זיך גענויטיקט אין מער הילף פון די פּועלי-ציון גרופּעס אין די דעמאָקראַטישע

לענדער, און צווייטנס, צוליב דעם טעראָר פון די אַראַבער קעגן דעם ישוב וואָס איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. דאָס האָט פאַראורזאַכט, אַז אַלע ציוניסטישע גרופּעס, איינשליסנדיק די פּועלי־ציון, זאָלן זיך פאַרנעמען מער מיט דער אַקטועלער לאַגע אין ארץ ישראל.

אין אָנפאַנג פון די דרייסיקער יאָרן האָבן ציוניסטן באַגעגנט ערנסטע שוועריקייטן, אינערלעכע און אויסערלעכע. אינערלעך זיינען פאָרגעקומען ערנסטע רייבונגען צווישן אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע גרופּעס איבער פראַגן וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט די פּלענער ווי צו בויען די יידישע היימלאַנד, אויף סאָציאַליסטישע יסודות, אָדער אויף קאַפּיטאַ־ליסטישע. דער דאָזיקער קאַמף איז פאָרגעקומען דער עיקר צווישן די פּועלי־ציוניסטן און די רעוויזיאָניסטן.

אָט דער אינערלעכער קאַמף האָט זיך אויך געפילט אין קאַנאַדע. פון צייט צו צייט פלעגט קומען קיין מאָנטרעאַל אָדער טאָראָנטאָ, אַ פירער פון די רעוויזיאָניסטן און רעדן ביי עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען קעגן אַריינברענגען סאָציאַליזם אין ארץ ישראל. די רעוויזיאָניסטן האָבן געהאַט צווישן זייערע אָנהענגער פאָלקסטימלעכע, טראַדיציאָנעלע יידן וועלכע האָבן זיך געשראָקן פאַר סאָציאַליזם. יעדע פאָרם פון סאָציאַליזם האָט אין זייערע אויגן אויסגעקוקט ווי אַן אָפּנויג פון יידישן נאַציאָנאַליזם.

די רעוויזיאָניסטן האָבן ניט געהאַט קיין גרויסע גרופּעס, אָבער אייניקע פון זייערע פירער זיינען געווען פעאיקע רעדנער, וועלכע פלעגן באַווירקן זייערע צוהערער. דער ווינכטיקסטער פון זיי איז געווען וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, איינער פון די ביטערסטע קעגנער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.

אין 1935 האָט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי באַזוכט מאָנטרעאַל. ער איז אויפגעטראָטן ביי אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין היז־מאַדזשעסטיס טעאַטער. דער טעאַטער איז געווען געפּאַקט. זשאַבאָטינסקי, אַ גלענצנדער אָראַטאָר, איז דאָן אַרויסגעקומען מיט אַן אַטאַקע אויף דער הסתדרות און אויף דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם בכלל. אויב סאָציאַליזם זאָל זיך באַפעסטיקן אין ארץ ישראל, וועט דער יידישער מיטל־קלאַס און פּריוואַטע אונטער־נעמער ניט קומען אַהין און עס וועט ניט זיין קיין יידישע מדינה אויףביידע זייטן פון ירדן.

צוליב דעם וואָס די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז געווען גוט באַזוכט און צוליב דעם וואָס זשאַבאָטינסקי האָט געקראָגן אַ סך אַפּלאָדיסמענטן, האָבן די פּועלי־ציון באַלד מודיע געווען, אַז זיי וועלן ברענגען קיין מאָנטרעאַל זלמן שזר צו ענטפערן זשאַבאָטינסקין.

שזר, וועלכער איז איצט דער פּרעזידענט פון ישראל, האָט גערעדט ביי אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין מאונט ראָיאַל האָטעל. אין זיין רעדע האָט ער אונטערשטראָכן, אַז דער סאָציאַליסטישער פאַרנעם פון דער הסתדרות האָט אינספּירירט די יידישע אַרבעטער און חלוצים וועלכע

בויען ארץ ישראל מיט אידעאַליסטישער איבערגעבנקייט, אַז נאָר דורך קאָאָפּעראַטיווע אָנשטרענגונגען וועט מען קאָנען פאַרוואַנדלען ארץ ישראל אין אַ בליענדן פּראָדוקטיוון ישוב.

פילע יידן וועלכע האָבן געהערט זשאַבאָטינסקין האָבן אויך געהערט שזרן. אַ לאַנגע צייט האָט מען דיסקוטירט: ווער איז גערעכט? די פּועלי־ציון פילן, אַז די געשיכטע האָט איבערצייגט, אַז שזר איז געווען גערעכט.

* * *

די אויסערלעכע פּראָבלעמען פון ארץ ישראל, דער קאַמף קעגן די אַראַבישע טעראָריסטן און קעגן דער ניט־פריינטלעכער מאַנדאַטן־מאַכט, האָט געהאַלטן פיל באַשעפטיקט די אַרבעטער־ציוניסטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. זייער אַפט פלעגן אַרבעטער־ציוניסטן דאַרפן פּראָטעסטירן צו דער בריטישער לייבאָר פּאַרטיי למאי דער קאָלאָניאַל־מיניסטער, וואָס איז גראָד אַ סאָציאַליסט (ווי לאָרד פּאַספילד און שפּעטער ערנסט בעווין) ווייזט אַרויס אַ פיינטלעכע באַציאונג צו ציוניסטישע צילן. אין די דרייסיקער יאָרן זיינען די פּועלי־ציון פירער געווען פיל פאַרנומען אין קריגן זיך מיט לייבאָר־פּאַרטיי פירער למאי זיי זיינען ניט אויסגעהאַלטן אין זייערע שטעלונגען צו די סאָציאַליסטישע פירער פון הסתדרות.

די פּועלי־ציון באַוועגונג האָט זיך אַלץ מער און מער אויסגעברייטערט. נייע צווייגן האָבן זיך געשאַפן. דער פאַרבאַנד איז געוואָרן אַ גרויסע מאַסן־אָרגאַניזאַציע; די פּיאָנערן פרויען האָט זיך פיל פאַרגרעסערט און געוואָרן אַ פאַרצווייגטע ציוניסטישע פרויען אָרגאַניזאַציע. צוליב דעם האָט זיך געשאַפן דער „אַקציאָנס־קאָמיטעט" וועלכער פאַראייניקט די אַלע גרופּעס פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג. דער גרינדער פון אַקציאָנס קאָמיטעט איז געווען משה דיקשטיין, דער ערשטער נאַציאָנאַלער פּרעזידענט. דורך דעם אַקציאָנס קאָמיטעט איז די ציוניסטישע אַרבעטער באַוועגונג געוואָרן אַ וויכטיקער כוח אין יידישן לעבן פון קאַנאַדע אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. איזידאָר באַבראָוו, קיו.סי. און דר. ס. הורוויטש, פון טאָראָנטאָ, זיינען געווען די נאַציאָנאַלע פּרעזידענטן. דר. הורוויטש האָט אין מיטן פון זיין טערמין זיך באַזעצט אין ישראל און אויף זיין אָרט איז אויסגעקליבן געוואָרן לעאָן קראָניץ, דער איצטיקער נאַציאָנאַלער פּרעזידענט.

דער אַקציאָנס־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג איז אַפיליאירט מיטן „איחוד עולמי" אין ירושלים, אין וועלכן עס זיינען אָנגעשלאָסן אַלע ציוניסטישע אַרבעטער גרופּעס פון פאַרשידענע לענדער, אויך די מפא״י פון מדינת ישראל.

# ציוניזם נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע

**דער אימפּאַקט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע אויף דער ציוניס־טישער באַוועגונג. — דראַמאַטישער מיטינג פון ציוניסטישע פירער וועגן דעם אוסישקין עמק חפר פּלאַן.**

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די ציוניסטישע באַוועגונג אין לאַנד זיך פיל אויסגעברייטערט אונטער דער פירערשאַפט פון א. י. פרימאַן, נאַציאָנאַלער פּרעזידענט און מרס. פרימאַן, פּרעזידענטין און גרינדערין פון דער „הדסה”.

צוליב דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָבן זיך געשאַפן גרויסע האָפענונגען, אַז דער ציוניזם וועט לאַנגזאַם אָבער זיכער רעאַליזירט ווערן. די אָפּטימיסטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן געגלויבט, אַז די גאולה איז שוין געקומען. אין קאַנאַדע זיינען די ציוניסטן טאַקע באַלד צוגעטראָטן צו שאַפן אַ „גאולה פאָנד” פאַרן גרויסן און הייליקן ציל אויסצולייזן דעם באָדן פון ארץ־ישראל. די באַלעבאַטים איבערן באָדן אין פּאַלעסטינע זיינען דאָן געווען אַראַבישע פּריצים, וועלכע זיינען געווען גרייט צו פאַרקויפן פאַר מעסיקע פּרייזן.

פונדעסטוועגן איז די אַרבעט פאַר ארץ ישראל ניט געווען גרינג אין יענער צייט. דער פּרעסטיזש פון ציוניזם איז טאַקע געשטיגן זייער הויך, אַ דאַנק דער באַלפור־דעקלאַראַציע, דער ציוניסטישער אידעאַל האָט אַרומגענומען גרויסע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אָבער עס זיינען געווען היבשע איינפלוסרייכע גרופּעס, פון פאַרמעגלעכע יידן, וועלכע זיינען געבליבן גלייכגילטיק, און אפילו נעגאַטיוו צו די צילן און אַספּיראַציעס פון ציוניזם.

סיי אין די שטאַטן, סיי אין קאַנאַדע, זיינען געמאַכט געוואָרן גרויסע אָנשטרענגונגען, מצד ציוניסטישע פירער צו אַקטיוויזירן אויך די ניט־ציוניסטן פאַר דעם ארץ ישראל אויפבוי. אַ צאָל פון זיי האָט מען צוגע־צויגן צו אַ קאָמיטעט פון וועלכן לואיס מאַרשאַל איז געווען דער אָנ־פירער. דאָס זיינען געווען די „ניט־ציוניסטישע ציוניסטן”. אָבער אַ גרע־סערע צאָל רייכע אַמעריקאַנער יידן, וועלכע זיינען געווען מאַרשאַל׳ס מיטאַרבעטער אין אַנדערע יידישע — פילאַנטראָפּישע — אַנגעלעגנהייטן, זיינען געבליבן קאַלט צו אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט ארץ ישראל.

ווען עס פלעגט פאָרקומען אַ ציוניסטישע אסיפה — קאָנפערענץ אָדער קאָנווענשאָן — אין די צוואָנציקער יאָרן האָבן די מערסטע רעדנער זיך פאַרנומען מיט אַרגומענטירן קעגן די רייכע יידן,וועלכע ווילן ניט

צושטיין און זיך באטייליקן אין די ארבעטן פאר ארץ ישראל. אין קאנאדע איז אויך געווען דאס זעלבע. אין 1927 האט דר. חיים ווייצמאן באזוכט מאנטרעאל. ער איז געקומען אנצופירן דעם קאמפיין פארן „קרן היסוד״. ער האט אדרעסירט א גרויסע פארזאמלונג און די מאנטרעאלער יידן האבן זיך ווארעם אפגערופן אויף זיין אפיל.

דר. ווייצמאן איז דאן געווען די צענטראלע פיגור פון פאליטישן ציוניזם. זיין אויפטריט אין מאנטרעאל איז געווען א יום־טוב פאר דער ציוניסטיש - געשטימטער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג. ער האט דאן אויך אדרעסירט א ספעציעלן „לאנטשעאן״ אין מאנטעפיארע קלוב פאר א גרופע פון אנגעזעענע פילאנטראפישע טוער, וועלכע זיינען נאך ניט צוגעשטאנען צו די ציוניסטישע קרייזן. דר .ווייצמאן האט דאן געזאגט אין זיין רעדע, אז ציוניזם וועט זיכער פארווירקלעכט ווערן טראץ אלע שוועריקייטן, טראץ שטערונגען פון די אראבער. ער האט צווישן אנדערעם געזאגט, אז אויב אין אונזער צייט וועט ניט זיין קיין זעלבסטשטענדיק אידישע היימלאנד, אויב ניט אין דער צייט פון אונזערע קינדער, וועלן אונזערע אייניקלעך זיכער דערלעבן צו זען אן אייגענע יידישע מדינה. דר. ווייצמאן האט דאן ניט געקאנט פאראויסזען, אז א יידישע מלוכה וועט געשאפן ווערן אין זיין צייט, און אז ער וועט זיין איר ערשטער פרעזידענט.

* * *

אין יענער צייט איז מנחם מענדל אוסישקין געקומען צו די קאנאדער ציוניסטן מיט א פלאן, אז קאנאדער יידן זאלן צושטעלן א גרויסן פאנד צום „קרן קימת״ מיט וועלכן מען זאל אויסלייזן דעם עמק חפר, וואס איז א שטח פון 50 טויזנט דונאם. דאס איז געווען א גרויסער זומפיקער באדן וועלכן מען האט באדארפט אויסטריקענען.

די פירער פון דער קאנאדער ציוניסטישער ארגאניזאציע האבן אין אנפאנג ניט געהאט קיין חשק צום דאזיקן פלאן. עס האט אויסגעקוקט צו זיין זייער ניט פראקטיש. א היבש ביסל דעבאטעס זיינען פארגעקומען וועגן דעם דאזיקן ענין. עס איז געווען שווער אפצוזאגן אוסישקינען, וועלכער איז געווען פרעזידענט פון קרן קימת, און איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין יענער צייט. דאס איז געווען אין דעם יאר 1927.

וועגן דעם דאזיקן ענין איז פארגעקומען אין אטאווא א פארזאמלונג פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. עס איז מיר אויסגעקומען בייצואוואוינען די דאזיקע פארזאמלונג אלס רעפארטער פון „קענעדער אדלער״.

די פארזאמלונג איז פארגעקומען אין שאטא לאריע האטעל. מר. פרימאן, דער נאציאנאלער פרעזידענט פון דער ציון ארגאנינזאציע איז דאן געווען קראנק און געלעגן אויפן קראנקן בעט אין א צימער פון

האָטעל, באַדינט פון אַ נוירם. דער מיטינג איז פאָרגעקומען אין אַ קליי־נעם זאַל, נעבן צימער וואו מר. פרימאַן איז געלעגן.

דער מיטינג האָט זיך אָנגעהויבן נאָכמיטאָג און זיך פאַרצויגן שפּעט אין דער נאַכט. עס זיינען געווען זייער דראַמאַטישע מאָמענטן. כמעט אַלע זיינען געווען קעגן דעם פאָרשלאָג. זיי האָבן אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט אַז מען קאָן ניט ריזיקירן מיט אַ גרויסער סומע פאָלקס־געלטער אויף אַ זומפּיקן באָדן, וועו מען קאָן קויפן באָדן וואָס איז מער־ווייניקער טרוקן. מען האָט געהאַט מורא, אַז אוסישקין באַגרייפט ניט די ריזיקע פון אַזאַ אונטערנעמונג. איינער, וועלכער האָט שטאַרק פּאַרטיידיקט אוסישקינ׳ס פּלאַן איז געווען הערש וואָלאָפּסקי ,דער אַרויסגעבער פון „קענעדער אַדלער״. שפּעט ביינאַכט האָבן די פרימאַנס איינגעשטימט. אין דער דאָ־זיקער דעבאַטע האָט מרס. פרימאַן שטאַרק געוויינט. פון איין זייט האָט זי איינגעשטימט מיט די, וועלכע האָבן גע׳טענה׳ט, אַז מען טאָר ניט ריזיקירן מיט פאָלקס־געלטער אין ניט זיכערע אונטערנעמונגען. פון דער אַנדער זייט האָט זי איינגעשטימט מיט דעם שטאַנדפּונקט, אַז ווען מען בויט אַ לאַנד מוז מען ריזיקירן, אַז לויט אוסישקינ׳ס שטאַנדפּונקט איז עס ניט קיין ריזיקע, ווייל עס זיינען פאַראַן יידישע אַרבעטער, וועלכע ווילן אַרבעטן ביי אַזאַ האַמעטנע מלאכה ווי אויסטריקענען זומפּיקן באָדן אין ארץ ישראל.

נאָכדעם ווי די עקזעקוטיווע האָט ענדלעך באַשלאָסן איינשטימיק גוטצוהייסן דעם אוסישקין עמק חפר פּראָיעקט, איז דער פּלאַן געבראַכט געוואָרן צו דער 21־טער ציוניסטישער קאָנווענשאָן אין וויניפּעג. די ציו־ניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דאַן געקראָגן אַ גרויסע הלוואה אין באַנק, אויף 200,000$ מען זאָל קענען באַלד צוטרעטן צום דאָזיקן פּראָיעקט. דאָס איז געווען איינע פון די גרויסע אויפטועון פון קאַנאַדער יידן פאַר ארץ ישראל. דער עמק חפר איז היינט איינער פון די פּרוכטבאַרסטע געגנטן אין מדינת ישראל.

אַ דאַנק דער דאָזיקער אַקציע איז דער פּרעסטיזש פון ציוניזם שטאַרק געשטיגן אין קאַנאַדע. עס האָט זיך פאַרגרעסערט דער איינפלוס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל.

# רעליגיעזע ציוניסטן

**דער איינפלוס פון מזרחי אויף דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג. — מזרחי אַמאָל און היינט. — דער בר־אילן אוני־ווערזיטעט אין מדינת ישראל.**

די געשיכטע פון דער מזרחי אָרגאַניזאַציע אין קאַנאַדע הויבט זיך אָן מיט אַ לאַנגע צייט צוריק. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער זעלביקער צייט ווי אין די אייראָפּייאישע לענדער, אָנהויב פון איצטיקן יאָרהונדערט.

דער ערשטער גרינדער פון דער מזרחי באַוועגונג — אָדער איינער פון די ערשטע — איז געווען דער לידער רב, יצחק יעקב ריינעס, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין זיין צייט אין דער גאַנצער ציוניסטישער וועלט דערפאַר, ווייל ער פלעגט קומען צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן, און זיך דאָרט גוט אָנזען. ער איז געווען דער גרינדער פון אַ ישיבה — די לידער ישיבה — און אַ מחבר פון אַ גרעסערער צאָל לומדישע ספרים.

הרב ריינעס האָט אַנטוויקלט דעם געדאַנק, וואָס איז געווען ניי אין זיין צייט, אַז נאַציאָנאַליזם און אמונה זיינען ענג פאַרבונדן אין יידישן לעבן און לאָזן זיך ניט אָפּטיילן. ער האָט קריטיקירט די מאָדערנע ציוניסטן, וועלכע האָבן געהאַט אָנגענומען, אַז מען קאָן זיין אַ גוטער, וואַרעמער, נאַציאָנאַלער ייד אפילו ווען מען איז ניט רעליגיעז. ער האָט גלייכצייטיג אויסגעזעצט קעגן דעם שטאַנדפּונקט, אַז יידישקייט איז בלויז אַן ענין פון רעליגיע און אַז עס האָט ניט צו טאָן מיט נאַציאָנאַליזם.

הרב ריינעס איז, ווי געזאָגט, געווען איינער פון די ראשונים גרינדער פון מזרחי. אין זיין צייט, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען שוין געווען מזרחי־גרופּעס אין קאַנאַדע.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך זאָגן, אַז אין מאָנטרעאַל, האָב איך געהאַט פיל פאַרגעניגן צו באַגעגענען דריי מענטשן, וועלכע זיינען, אַזוי ווי איך, געווען תלמידים פון דער לידער ישיבה. מיר האָבן געלערנט אומגעפער אין דער זעלביקער צייט. זיי זיינען ביידע גוטע העברעאיסטן, און קענער פון חכמת ישראל. זיי זיינען: מרדכי מענדעלסאָן, דער פּרינציפּאַל פון דער עדת־ישראל שולע; חיים מייזעל, דער לייטנדער טוער פון קרן־התרבות, וויים־פּרעזידענט פון דער קאַנאַדער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און ל. יאַלאָפּסקי, אַ העברעאישער לערער.

* * *

צווישן די גרויסע מנהיגים פון מזרחי איז געווען הרב אברהם יצחק קוק, וועלכער איז אַ צייט געווען דער הויפּט־רב פון ארץ ישראל. ער

האָט אָנגעפירט מיט אַ ישיבה אין ירושלים און איז געווען באַוואוסט אין דער גאַנצער יידישער וועלט פאַר אַ גאון און דענקער.

אין אָנפאַנג פון די צוואַנציקער יאָרן האָט הרב קוק באַזוכט מאָנט־רעאל אין באַגלייטונג פון צוויי באַרימטע גאונים, הרב שאַפּירא, דער קאָוונער רב, און הרב משה מרדכי עפשטיין. זיי האָבן דאַן געמאַכט אַ טור איבער צפון־אַמעריקע מיטן ציל צו שטאַרקן די מוסדות פון לומדישער יידישקייט.

הרב מאיר בערלין, איז אויך געווען איינער פון די מנהיגים פון וועלט־מזרחי. ער האָט געשטאַמט פון אַ משפחה פון גרויסע לומדים אין ליטע. זיין פאָטער, הרב נפתלי צבי יהודה בערלין, איז געווען דער גרינדער פון דער וואָלאָזשינער ישיבה, וואָס איז געווען איינע פון די באַרימטסטע ישיבות אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד.

הרב יהודה לייב פישמאַן איז אויך געווען אַ זייל אין דער מזרחי פירערשאַפט. ער איז געווען אַקטיוו אויף צוויי הויפּט־געביטן, אויפן פּאָליטישן און קולטורעלן. ער איז געווען איינער פון די פּרוכטבאַרסטע שרייבער און מחבר פון אַ גרויסער צאָל ספרים און איז גלייכצייטיק געווען שטאַרק אַקטיוו אין פּראַקטישער ציוניסטישער פּאָליטישער אַרבעט. זייענדיק אַ מיטגליד אין דער ציון־אַגענטור איז ער געווען פאַרבונדן מיטן ביטערן קאַמף וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן דער מאַנדאַטן־מאַכט פאַר איר אַנטי־ציוניסטישער פּאָליטיק וואָס זי האָט אָנגעפירט איידער דער שטאַט איז געגרינדעט געוואָרן.

* * *

אין די ערשטע יאָרן זיינען די רעליגיעזע יידן ניט געווען צופיל אַקטיוו אין דער געמיינדע. עס זיינען ניט געווען גענוג אַקטועלע פּראָבלעמען אַרום וועלכע זיי זאָלן קאָנען אַנטוויקלען גרעסערע אַקציעס. זייער הויפּט זאָרג איז געווען, אַז ציוניסטישע אַקטיוויטעטן זאָלן ניט זיין אָפּגעטיילט פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט; זיי האָבן ספּעציעל באַקעמפט טענדענצן פון געוויסע גרופּעס, וועלכע האָבן געוואָלט אָפּטיילן רעליגיע פון נאַציאָנאַליזם, אָדער פון ציוניזם.

הרב צבי הכהן, וועלכער איז געווען דער יושב־ראש פון מאָנטרעאַלער ראַבינאַט, איז געווען איינער פון די הויפּט מנהיגים פון דער מזרחי באַוועגונג אין קאַנאַדע אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן. פּראָמינענטע רבנים פון טאָראָנטאָ און וויניפּעג זיינען אויך געווען אין דער מזרחי־פירערשאַפט.

די פירער פון מזרחי האָבן זיך פאַרנומען, דער עיקר, מיט באַווירקן די שולן און סינאַגאָגן פאַר די צילן צו בויען ארץ ישראל. פילע באַאַמטע פון שולן, פּרעזידענטן, גבאים א.אַ.וו. זיינען געווען צווישן די הויפּט עסקנים אין דער מזרחי אָרגאַניזאַציע. זיי זיינען געווען די מערסטע דעלעגאַטן ביי די קאָנווענשאַנס פון דער אָרגאַניזאַציע. צו אַ מזרחי־קאָנ־

װענשאָן פּלעגן קומען רבנים פֿון די קאַנאַדער צענטערס און אויך פּראָמינענטע מזרחי־פֿירער פֿון די שטאַטן. דער ערן־גאַסט בײַ אַזאַ קאָנװענשאָן פּלעגט זײַן אָפֿט הרב מאיר בערלין, אָדער הרב זאב גאָלד. זײ פּלעגן רעדן בײַ גרױסע פֿאַרזאַמלונגען, און זײערע רעדעס, אין אַ פֿאָלקסטימלעכן ייִדיש, פּלעגן אַרױסרופֿן גרױס ענטוזיאַזם בײַ רעליגיעזע פֿאָלקס־מענטשן אין יענער צײַט.

אין פּראַקטישע אַרבעטן פֿאַר ארץ ישראל, אין פֿינאַנציעלע קאַמפּײַנס, האָבן די מזרחים ענג קאָאָפּערירט מיט די אַלגעמײנע ציוניסטן. אין געװיסע אַקטיװיטעטן זײַנען זײ געגאַנגען צוזאַמען. בײַ אַ קאָנװענשאָן פֿון אַלגעמײנע ציוניסטן האָט מען געזען מזרחי־טוער, װעלכע זײַנען דאָרט געװען צװישן די אָנגעזעענע דעלעגאַטן. די מזרחים, אַלס גרופּע, האָט זיך אונטערשײדט פֿון די אַלגעמײנע ציוניסטן דערמיט, װאָס זײ זײַנען געװען מער פֿאָלקסטימלעך און זיך באַנוצט דער עיקר מיט דער ייִדישער שפּראַך. פֿון די ייִדישע פּובליציסטן, װעלכע זײַנען אין יענער צײַט געװען שטאַרק פּאָפּולער בײַ די מזרחים איז געװען גדליה בובליק, פֿון „ייִדישן טאַגעבלאַט" װעלכער איז אויך געװען אַ לײַטנדיקער מזרחי טוער.

די מזרחי־אָרגאַניזאַציע האָט זיך פֿיל אױסגעברײטערט אין די שפּעטערדיקע דרײַסיקער יאָרן און דערנאָך, אין די יאָרן פֿון נאָכן קריג. דער נאָמען פֿון מזרחי־פֿירער, הרב מאיר בערלין איז פֿאַראײביקט געװאָרן מיט דעם אױפֿבױ פֿון בר־אילן אוניװערזיטעט אין מדינת ישראל. די שאַפֿונג פֿון דעם דאָזיקן אוניװערזיטעט, װעלכער װערט אַלץ מער און מער אױסגעברײטערט, איז אײנער פֿון די גרעסערע אױפֿטוען פֿון מזרחי אין מדינת ישראל. די קאַנאַדער מזרחים האָבן אַ גרױסן חלק אין דעם דאָזיקן אױפֿטו.

אויף װיפֿיל דער אײנפֿלוס פֿון רעליגיעזער ייִדישקייט האָט זיך געשטאַרקט אין די לעצטע יאָרן, האָט זיך אויך געשטאַרקט דער אײנפֿלוס פֿון מזרחי, װאָס איז איצט אַ װיכטיקער טײל פֿון דער ציוניסטישער באַװעגונג אין קאַנאַדע אונטער דער איצטיקער פֿירערשאַפֿט פֿון יואל שטערענטאַל, נאַציאָנאַלער פּרעזידענט און הרב צמח זאַמבראָװסקי, עקזעקוטיװ פּרעזידענט.

# מחלוקתן אין דער געמיינדע

**דער דיספוט איבער דער יידישער סקול־פראַגע וואָס האָט צעבראָכן די גאַנצקייט פון ערשטן יידישן קאָנגרעס. — דער וואַל־קאַמפּיין וואָס האָט צעטיילט די געמיינדע.**

דער ערשטער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס האָט זיך געשאַפן מיט אַ ציל צו פאַראייניקן אַלע יידן פאַר גרויסע נאַציאָנאַלע אויפגאַבן. די דאָזיקע אייניקייט האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר און זיך נאָכער איבער־געריסן.

דער קאָנגרעס האָט פאַראייניקט די יידישע געמיינדעס וועגן ארץ־ישראל און וועגן צושטעלן הילף צו די געליטענע יידישע קהילות אויף יענער זייט ים. די אייניקייט וועגן ארץ ישראל איז נישט געווען קיין פולשטענדיקע. עס זיינען נאָך אַלץ געבליבן געוויסע קרייזן וועלכע האָבן ארויסגעוויזן אַ קאַלטע באַציאונג צום ציוניזם. אָבער זיי האָבן נישט געשטערט. זיי זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט און געלאָזט די ציוניסטן טאָן זייער אַרבעט. פון צייט צו צייט פלעגן זיי אפילו ארויסווייזן אַ פריינט־לעכן זשעסט און געבן ביישטייער צו ציוניסטישע פאָנדן. אָבער אין די ציוניסטישע רייען זיינען זיי ניט געגאַנגען, און זיך ניט געוואָלט אידענ־טיפיצירן מיטן קאַמף פאַר אַ יידיש היימלאַנד אין ארץ ישראל.

אָבער אַלע יידן זיינען געווען פאַראייניקט אין די אַרבעטן פאַר איבער־ים רעליף. אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען האָבן געשטיצט מיט אַלע כוחות די הילפס־טעטיקייטן פאַר די אייראָפּעאישע יידן, די קרבנות פון מלחמה און פאָגראָמען, הגם זיי האָבן די דאָזיקע אַרבעטן געטאָן דורך פאַרשידענע גרופּעס.

ווען די יידישע סקול־פראַגע איז אַרויפגעקומען, האָט עס געבראַכט אָן ערנסטע שפּאַלטונג אין דער געמיינדע. עס האָט פאַראורזאַכט אַ שטאַרקע מחלוקת צוליב וועלכער עס האָט זיך אָפּגעשוואַכט די אייניקייט אין קאָנגרעס און געשטערט זיינע אַקטיוויטעטן. עס האָט געפירט דערצו, אַז דער קאָנגרעס האָט זיך אַזוי ווי אויפגעלייזט.

די סקול־פראַגע האָט צעטיילט די געמיינדע אין דריי גרופּעס. איין גרופּע האָט אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז די יידישע געמיינדע דאַרף אויסנוצן די געלעגנהייט כדי צו שאַפן אָן אייגענעם סקול־סיסטעם. אין אייגענע יידישע סקולס וועט מען קאָנען איינפירן אַן אינטענסיווע פּראָגראַם פון יידישע לימודים, דורך וועלכע מען וועט דערציען אַ נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקן דור.

די קעגנער פון אַ יידישן סקול פּאַנעל האָבּן אַרגומענטירט, אַז יידן בּאַזיצן נישט די פיזישע מעגלעכקייטן צו אָנפירן אַן אייגענעם סקול־סיסטעם. אַ צווייטע טענה איז געווען, אַז קינדער וועלכע וועלן דערצויגן ווערן אין יידישע סקולס, וועלן בּאַגעגענען שוועריקייטן צו איינגלידערן זיך אין דעם אַלגעמיינעם קאַנאַדער לעבּן; אַז זייער ענגליש וועט נישט זיין פּערפעקט און עס וועט זיי שטערן אין זייערע קאַריערעס פאַר דער צוקונפט.

אין אָנפאַנג האָט אויסגעקוקט, אַז דער דיספּוט, וואָס האָט גענומען אַ זייער שטורמישן כאַראַקטער, איז בּלויז איבּער טעכנישע פּונקטן. אָבּער נאָכער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז דורכאויס אַן אידעאָלאָגישע מחלוקת, וואָס איז בּאַזירט אויף פּרינציפּן, אויף די פאַרשידענע צוגאַנגען צו נאַציאָנאַלער יידישקייט און צו יידישע צילן פאַר דער צוקונפט.

עס האָט זיך קריסטאַליזירט אַ בּאַשטימטע ליניע וואָס האָט צעטיילט צוויי בּאַשטימטע אידעאָלאָגיעס. פון איין זייט בּאַוואוסטזיניקע נאַציאָנאַליסטן, וועלכע האָבּן ניט געזען קיין ווידערשפּרוך צווישן נאַציאָנאַלער יידישקייט און קאַנאַדער בּירגערשאַפט. פון דער אַנדער זייט איז געווען די ריכטונג וואָס האָט געהאַלטן, אַז בּאַזונדערע יידישע סקולס מיינט שאַפן אַ יידישע געטאָ אין דער קאַנאַדער ווירקלעכקייט. זיי האָבּן עס בּאַצייכנט פאַר אַ מין פון „נאַציאָנאַלן סעפּאַראַטיזם", וואָס איז קעגן דער טענדענץ פון אַלגעמיינעם קאַנאַדער לעבּן.

די דאָזיקע מחלוקת איז געפירט געוואָרן מיט אַ סך ליידנשאַפט און בּיטערניש. אַ גרויסע צאָל מאַס־מיטינגען און קאָנפערענצן זיינען וועגן דעם פאָרגעקומען אין פּרינץ־אַרטור האָל, וואָס איז דאַן געווען דער וויכטיקסטער אָרט פאַר יידישע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען (אויך פאַר חתונות). דער קלימאַקס פון דאָזיקן קאַמף איז פאָרגעקומען אין אַ פּראָווינציעלן וואַל־קאַמפּיין, אין דעם סט. לואיס דיסטריקט, וואָס איז דאַן געווען דורכאויס אַ יידיש־בּאַפעלקערטע געגנט.

אין דעם דאָזיקן קאַמפּיין האָבּן די אָנהענגער פון בּאַזונדערע יידישע סקולס געשטיצט די קאַנדידאַטור פון לואי פיטש, וועלכער איז געלאָפן קעגן פּיטער בּערקאָוויטש. דער לעצטער איז געווען אַ לייטנדע פיגור אין דעם לאַגער וואָס האָט געקעמפט קעגן „סעפּאַראַטיסטן". בּערקאָוויטש איז געווען אַ זייל פון דער ליבּעראַלער פּאַרטיי אונטער פּרעמיער טאַשעראָ. ער איז געווען דער ערשטער ייד צו ווערן דערוויילט פון אימיגראַנטישע יידן אין קוויבּעקער לעדזשיסלייטשור. מיט זיין אַרויסטריט קעגן בּאַזונדערע יידישע סקולס האָט ער שטאַרק אַנטאַגאָניזירט די נאַציאָנאַל־געשטימטע קרייזן וועלכע האָבּן בּאַשלאָסן צו בּאַקעמפן אים אין דעם וואַל־קאַמפּיין אויף דער אישו פון יידישע סקולס.

פּיטער בּערקאָוויטש איז געווען איינער פון די פּעאיקע אַדוואָקאַטן

וואס האט זיך אקטיוו באטייליקט אין יידישער כלל-ארבעט. ער איז געווען א מוטיקער קעמפער קעגן אנטיסעמיטיזם און פארנומען אן אויבנאן ארט אין די ארבעטן פאר איבער־ים רעליף. ער איז אויך געווען דער אדוואקאט פון די נאדל-פאך יוניאנס און איז צוליב דעם געווען פאפולער צווישן די ארבעטער און פאלקס-מאסן.

לואי פיטש איז געווען באוואוסט פאר אן אינטעלעקטואל און גע־בילדעט אין חכמת ישראל. ער האט געשפילט א וויכטיקע ראלע אין דער ציוניסטישער באוועגונג. אין פאליטישן לעבן איז ער געווען פארבונדן מיט די קאנסערוואטיוון.

די פארזאמלונגען וועלכע זיינען פארגעקומען לטובת פיטשן, האבן געטראגן מער א קולטורעלן כאראקטער, ווי א פאליטישן. עס זיינען אויפגעטראטן רעדנער וועלכע זיינען געווען מער באוואוסט אלס קולטור־טוער און באוואוסטזיניקע נאציאנאליסטן, וועלכע האבן גערעדט וועגן דער וויכטיקייט צו שאפן אויפן אמעריקאנער קאנטינענט א סקול-סיסטעם וואס זאל זיין קאנטראלירט דורכאוים פון דער יידישער געמיינדע. צווישן די רעדנער ביי פיטש'ס פארזאמלונגען זיינען געווען: הרב כהן און ראובן ברייניז, וועלכע וואלטן אונטער קיינע אומשטענדן זיך נישט געמישט אין פאליטישע קאמפן. אבער זיי האבן אנגענומען, אז צוליב אזא וויכטיקן ענין ווי באזונדערע יידישע סקולס, דארפן זיי מאכן אן אויסנאם. אין זייערע רעדעס האבן זיי שטארק אטאקירט די טענדענצן פון אסימילאציע. זיי האבן ארגומענטירט, אז גוט-דערצויגענע יידן, מיט יידישער קולטור און יידיש וויסן, קאנען זיין בעסערע בירגער פון לאנד, ווי יידן וועלכע וויסן ווייניק, אדער גארנישט, פון יידישקייט. ביי די פארזאמלונגען לטובת בערקאוויטשן האבן רעדנער ארגומענטירט, אז עס איז אן אילוזיע צו גלויבן, אז יידן קאנען אנפירן א באזונדער יידישן סקול-סיסטעם אין א שטאט וואו יידן זיינען א קליינע מינאריטעט.

אין די קריסטלעכע קרייזן האט מען נישט געשפירט קיין קעגנער־שאפט צו באזונדערע יידישע סקולס. אין די געריכטן האט מען אנערקענט, אז יידן זיינען בארעכטיקט צו א יידישן סקול סיסטעם. פרעמיער טאשערא האט אפילו אריינגעבראכט א ביל אין לעדזשיסלייטשור צו שאפן א געזעץ, אז יידן זאלן קאנען, אויב זיי ווילן, שאפן אן אייגענעם יידישן סקול-פאנעל.

דער וואל-קאמפיין האט זיך געענדיקט מיט א זיג פאר בערקאוויטשן. די אנהענגער פאר א באזונדער סקול פאנעל האבן זיך באפרידיקט דערמיט וואס פרינציפיעל — אין די אויגן פון געריכט — האבן זיי געוואונען. מיט דער צייט האט זיך דער קאמף איבער דער סקול-פראגע איינגעשטילט.

# דער קראַך פֿון 1929

**דער פּלוצימדיקער איבערגאַנג פֿון פּראָספּעריטי צו דעפּרעסיע. — די נעכטיקע גבירים פֿון סטאָק־מאַרקעט וועלכע זיינען געוואָרן קבצנים. — ווי די לאַגע האָט זיך „נאָרמאַליזירט".**

אין די צוואנציקער יאָרן, ווען אין אייראָפּע איז מען נאָך נישט געקומען צו זיך פֿון די מוראדיקע וואונדן וועלכע די 1914 מלחמה האָט איבערגעלאָזט, איז מען אין אַמעריקע געווען גליקלעך פֿון פּראָספּעריטי. מענטשן האָבן פֿאַרדינט אַ סך געלט און זיך געלאָזט וואוילגיין. עס איז געווען דער פּעריאָד פֿון „דזשעז" און די אַנטוויקלונג פֿון די פֿריילעכע מוזיקאַלישע קאָמעדיעס. עס זענען אויפֿגעקומען גרויסע „סטאַרס" אין האָליוואוד און די צאָל פֿון רייכע און פֿאַרמעגלעכע איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער.

נישט אַלע, נאַטירלעך, האָבן גענאָסן פֿון דער פּראָספּעריטי. עס זיינען געווען אַ סך אָרעמע מענטשן, איבערהויפּט צווישן די אַרבעטער. אָבער די אָרעמע מענטשן האָבן אויך געמיינט, אַז זייער אָרעמקייט איז נישט פּערמאַנענט, אַז פֿריער אָדער שפּעטער וועלן זיי אויך באַגליקט ווערן און אַריינפֿאַלן אין דער אַלגעמיינער פּראָספּעריטי, וואָס האָט געבראַכט פֿרייד און זאָרגלאָזיקייט צו אַ סך מענטשן.

איינער פֿון די וויכטיקע וועגן וועלכע האָבן דאַן געפֿירט צו רייכטום איז געווען דער וועג צו די סטאָק־מאַרקעטס. וואָל־סטריט האָט געעפֿנט די טירן פֿאַר אַלעמען. יעדער איינער איז ווילקאָמען. ווער עס וויל קאָן קויפֿן סטאָקס און פֿאַרדינען אַ סך אָן קיינע אָנשטרענגונגען.

אויפֿן וועג צום סטאָק מאַרקעט זיינען געגאַנגען אַלערליי מענטשן, רייך און אָרעם. דער רייכער האָט אינוועסטירט אַ סך און דער אַרבעטער — די עטלעכע הונדערט דאָלאַר וועלכע ער האָט אָפּגעשפּאָרט אויף אַ רעגנדיקן טאָג. איבער נאַכט זיינען די סטאָקס אַרויף און זיין פֿאַרמעגן איז געוואַקסן. נאָכער ווידער אַרויף, און ס'האָט געהאַלטן כסדר אין שטייגן.

געשעפֿטסלייט זיינען געזעסן מער אין די אָפֿיסעס פֿון די סטאָק־בראָוקערס איידער אין זייערע אייגענע געשעפֿטן. אַנדערע זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבן ליקווידירט דעם געשעפֿט, פֿאַרקויפֿט די סטאָר אָדער דעם שאָפּ און מיט דעם געלט געגאַנגען קויפֿן נאָך סטאָקס, וועלכע האָבן געגעבן שנעלערע פּראָפֿיטן — אויפֿן פּאַפּיר — ווי די געשעפֿטן צו וועלכע מען איז געווען צוגעבונדן. עס האָט זיך געשאַפֿן אַזאַ לאַגע, אַז יעדער סטאָק איז געוואָרן העכער 20 אָדער 30 מאָל אַזוי פֿיל

אין פרייז לויט דעם אַקטועלן ווערט וואָס אַזאַ סטאַק האָט געהאַט. אַזאַ צושטאַנד האָט געמוזט פּלאַצן.

און דער סטאַק מאַרקעט האָט געפּלאַצט אַזוי ווי אַ זייפנבלאָז. פאַרמעגנס פון אַ סך רייכע מענטשן זיינען אָפּגעווישט געוואָרן איבער נאַכט.

דער צוזאַמענבּרוך פון סטאַק מאַרקעט האָט געפירט צו געשעפטלעכע באַנקראָטן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. אין די שטאַטן האָט עס אויך געפירט צו באַנקראָטן פון בענק און פינאַנץ-קאָמפּאַניס. אין קאַנאַדע זיינען די געטשאַרטערטע בענק געווען באַשיצט דורך רעגירונגס-קאָנטראָל. אָבער, אַפילו אויך אין קאַנאַדע האָבן ווייניק מענטשן זיך געקאָנט ראַטעווען פון דעם פינאַנציעלן קריזיס וואָס האָט אַרומגענומען אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. פאַבּריקן האָבן זיך געשלאָסן, אַרבעטער האָבן פאַר־לוירן זייער באַשעפטיקונג. די יידישע געשעפטן, באַקליידונג און טעקסטיל זיינען געווען צווישן די שטאַרק געטראָפענע.

די געוויינלעכע צדקה-אינסטיטוציעס האָבן נישט געהאַט גענוג מיטלען צו באַזאָרגן אַלע וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. נעכטיקע מנדבים זיינען געוואָרן אַזוי אָרעם ווי די מקבלים וועלכע זיי פלעגן שטיצן. אַ געשעפטסמאַן וואָס האָט געהאַט אַן אויטאָמאָביל, האָט באַדאַרפט זאָרגן וועגן קריגן געלט צו קויפן עטלעכע גאַלאָן גאַזאָלין פאַר זיין קאַר.

עס האָט זיך געשאַפן אַ זייער ערנסטער פּראָבּלעם פון אַרבעטס־לאָזיקייט. אַ סך מענטשן זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן זוכן באַשעפטיקונג וואָס איז געווען אוממעגלעך צו קריגן. פילע אַרבעטסלאָזע פלעגן מאַרשירן צום סיטי-האָל אַפּעלירן פאַר ברויט און פּוטער. די שטאָט־אַדמיניסטראַציע האָט געמוזט אָרגאַניזירן באַלדיקע הילף אויף וויפל ס'איז געווען מעגלעך אונטער די אומשטענדן.

אויף וויפל די אָרעמקייט האָט זיך צעשפּרייט איבער דער יידישער גאַס איז גענוג צו איבערגעבן פאָלגנדן פאַקט:

דער „קענעדער אדלער" איז אַרויסגעקומען מיט אַן אַפּיל צו די וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון קריזיס, אַז זיי זאָלן ביישטייערן צו אַ פאָנד לטובת די קרבנות פון דער דעפּרעסיע; אַז פון דאָזיקן פאָנד זאָל מען געבן שטיצע נישט צו נאַטירלעכע אָרעמע לייט, נאָר צו די נייע קבצנים, וועלכע זיינען נעכטן געווען צווישן די געשעפטסלייט און בעלי־בתים. די צעטיילונג פון די דאָזיקע געלטער פלעגט פאָרקומען טאַקע אין אָפיס פון „קענעדער אדלער". די אויסטיילער זיינען געווען עטלעכע בעלי-בתים וועלכע האָבן קאָנטראָלירט דעם דאָזיקן געזאַמלטן פאָנד. די ביישטייערן פלעגן געבראַכט ווערן מערסטנס צום אָפיס פון „קענעדער אדלער". אַלס מיטאַרבעטער פון דער צייטונג פלעגט מיר אויסקומען צו העלפן דעם קאָמיטעט, זען אַז די צעטיילונג זאָל דורכגעפירט ווערן

אין אָרדענונג; אַז די מקבלים זאָלן זיך ניט באַגעגענען איינע מיט די אַנדערע. דאָס האָט געזאָלט זיין „מתן בסתר״.

אָבער דאָס איז ניט געווען אינגאַנצן. מען האָט גערעדט, אַז עס גייען אַרום הונגעריקע מענטשן אין דער יידישער גאַס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו גרינדן אַ פאָלקס־קיך. אין דער באַוועגונג האָבן זיך באַטייליקט טוער פון פועלי ציון, „פאַרבאַנד״ און „אַרבעטער רינג״. ה. הערשמאַן האָט אָנגעפירט מיט דער קיך וועלכע האָט עקזיסטירט אַ פאָר יאָר, ביז די לאַגע איז ווידער געוואָרן נאָרמאַל.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט פרעזידענט רוזוועלט אָרגאַניזירט דעם „ניו־דיל״, צו העלפן דער קראַנקער עקאָנאָמיע פון פולשטענדיקן צוזאַמענברוך. אין די שטאַטן האָט זיך דער קריזיס געשפירט נאָך מער ווי אין קאַנאַדע. גרויסע בענק האָבן געקראַכט און פאַראורזאַכט מאַסן באַנקראָטן פון גרויסע איינגעפונדעוועטע געשעפטן. רוזוועלט האָט געשאַפן אַ „ברעין־טראַסט״ פון אָנגעזעענע עקאָנאָמיסטן צו ראַטעווען די פינאַנציעלע סטרוקטור פון אַמעריקע.

די לאַגע האָט זיך נאָרמאַליזירט צוליב דעם ווייל מען האָט זיך ווידער גענומען גרייטן צו קריג. ווידער איז די פּאָליטישע לאַגע געוואָרן כאַאָטיש אין איירָאָפּע. היטלער האָט צעבראָכן די וועימאַר רעפובליק און זיך גענומען צו באַוואָפענונג אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. די אַליאירטע האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער די דייטשן. די ווערסאַי טריטי איז שוין געווען פולשטענדיק צעשמעטערט. אין איטאַליע האָט געהערשט מוסאָליני מיט זיינע פאַשיסטישע נאָכפאָלגער אין שוואַרצע העמדלעך. אין דייטשלאַנד האָבן געבושעוועט די נאַצים מיט ברוינע העמדלעך. היטלער האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט גיין אין קריג קעגן דער גאַנצער וועלט כדי צו ברעכן די הערשאַפט פון די קאָמוניסטן און פון די „זקני־ציון״. מען האָט נישט געוואוסט, אויב היטלער פלאַנירט צו באַפאַלן די קאָמוניסטן אין מזרח אָדער די דעמאָקראַטיעס אין מערב.

אין דער צייט פון קריזיס האָבן די רעגירונגען אויסגעגעבן גרויסע סומען פאַר עפנטלעכע אַרבעטן, ווי בויען האַי־וועיס און אַנדערע קהל׳שע אונטערנעמונגען, כדי צו שאַפן באַשעפטיקונג פאַר אַרבעטסלאָזע. דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די באַוואָפנונג אינדוסטריעס און דאָס האָט דעם עקאָנאָמישן קריזיס ביסלעכווייז פאַרטריבן.

# די ערשטע וואָרענונג פון דייטשלאַנד

**היטלער הויבט אָן זיין קאַמף קעגן יידן, קעגן דער ווערסאַי טריטי און קעגן דער ווײַמאַר־קאָנסטיטוציע. — זיינע פאַרבינדונגען מיט לודענדאָרפן. — דער ניט געלונגענער נאַצישער „פּוטש". —**

דאָס ערשטע מאָל וואָס מען האָט געהערט פון היטלערן איז געווען ביים סאָמע אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן. מען האָט אים באַצייכנט פאַר אַן אידיאָט וועלכן מען דאַרף נישט נעמען צו ערנסט.

אָבער ווען עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט און מען האָט געזען, אַז זיין נאָמען דערשיינט אָפטער אין די נייעסן פון טאָג ; אַז זיינע מיטינגען ציען אויפמערקזאַמקייט, אַז צווישן זיינע נאָכפאָלגער זיינען פאַראַן געוועזענע אָפיצירן און סאָלדאַטן, האָט מען זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר די אַנטיסעמיטישע העצעס מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרנומען.

אַדאָלף היטלער האָט אָנגעפאַנגען זיין טעטיקייט אין מינכען, בייערן, וואו עס איז געווען אַ סך שפּאַנונג און אומרו אין פאַרבינדונג מיט דער ווערסאַי טריטי, וואָס האָט אַרויפגעלייגט שווערע קאָנטריבוציעס אויף די באַזיגטע דייטשן. אומעטום האָבן דייטשן פּראָטעסטירט און זיך געבונטעוועט קעגן די שווערע צאָלונגען וועלכע מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. אין בייערן זיינען די דאָזיקע פּראָטעסטן געווען שטאַרקער ווי אומעטום. די פּראָווינציעלע רעגירונג פון בייערן האָט פאַקטיש רעוואָלטירט קעגן דער צענטראַלער רעגירונג פון בערלין, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פריץ עבערט, פּרעזידענט און פיליפּ שיידעמאַן, קאַנצלער.

די פירער פון די אַליאירטע האָבן אין ווערסיי נישט געהאַט קיין שום רחמנות אויף די באַזיגטע דייטשן. זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרהאַנדלען מיטן קייזער, און אויך נישט מיט די יונקערס־מיליטאַריסטן. דער קייזער האָט אַבדיקירט און זיך אָפּגעטראָגן קיין האָלאַנד. אָבער די גענעראַלן, לודענדאָרף, הינדענבורג און די אַנדערע, האָט מען דערלויבט צו בלייבן אין לאַנד, אָבער נישט אין דער רעגירונג. עס זיינען געווען די סאָציאַליסטן וועלכע האָבן איבערגענומען די מלוכה־אָנפירונג. זיי האָבן געשאַפן אַ ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס די „ווײַמאַר קאָנסטיטוציע".

די דייטשן האָבן געקראָגן אַ סך ליבעראַליזם און דעמאָקראַטישע פרייהייטן, צו וואָס זיי זיינען נישט געווען געוואוינט אונטער דעם קייזער. זיי האָבן פאַרלוירן דעם יונקערשן מיליטאַריזם. דאָס וואָלט זיי אפשר ניט

געווארט, אָבער זיי האָבן פאַרלוירן זייער עקאָנאָמישע סטאַביליטעט. די אַליאירטע האָבן איבערגענומען דעם קאָנטראָל איבער זייערע שווערע אינדוסטריעס. מען האָט געשלאָסן זייערע ריזיקע אַמוניציע פאַבריקן. דייטשלאַנד איז געוואָרן אַ לאַנד פון נויט און אָרעמקייט. אַ סך מענטשן זיינען געוואָרן אַרבעטסלאָז, צווישן זיי אַ גרויסע צאָל געוועזענע סאָלדאַטן און אָפיצירן.

די דייטשן זיינען געווען שטאַרק פאַרביטערט. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו אַגיטאַטאָרס וועלכע האָבן גערופן צו ווידערשפעניקן די אַליאירטע און ניט אויספאָלגן די פונקטן פון דער ווערסאַי טריטי. עס האָבן זיך געשאַפן גרעסערע גרופּעס קאָמוניסטן, וועלכע האָבן גערופן די אַרבעטער צו סטרייקס און צו רעוואָלט. עס זיינען פאָרגעקומען אָפטע געשלעגן צווישן אַרבעטער וועלכע זיינען געגאַנגען מיט די קאָמוניסטן און אַרבעטער וועלכע האָבן געהאַלטן מיט די סאָציאַליסטן.

דאַן האָט זיך געוויזן אַדאָלף היטלער, דער שאַפער פון אַ נייער טראַגישער עפּאָכע אין דער וועלט.

היטלער האָט אָנגעפאַנגען רעדן צו אָרעמע, פאַרצווייפלטע מענטשן פון גאַס, צו אַרבעטסלאָזע, אַנטוישטע און פאַרביטערטע דייטשן. זיינע רייד האָבן געקראָגן אַ גרעסערע צאָל צוהערער.

ער האָט אַטאַקירט די קאָמוניסטן און די סאָציאַליסטן אַלס אָנהענגער פון אַ פילאָסאָפיע וואָס שטאַמט פון קאַרל מאַרקס — אַ איד.

דייטשלאַנד, האָט ער געשריען, ווערט געדריקט פון רוסלאַנד, פון איין זייט, פראַנקרייך און ענגלאַנד פון דער אַנדער זייט. רוסלאַנד ווערט געפירט פון לעאָן טראָצקי אַ איד, פראַנקרייך און ענגלאַנד ווערן דאָמינירט פון די ראָטשילדס — יידן.

די יידן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די דייטשע ליידן. דאָס דייטשע גאָלד איז אַריבער אין יידישע הענט, צו די יידישע באַנקירן אין פאַריז, לאָנדאָן און וואָל סטריט, האָט ער גע'טענה'ט.

היטלער האָט אָנגעהויבן ציען אויפמערקזאַמקייט אין די קרייזן פון מיליטאַריסטן און פינאַנציעלע מאַגנאַטן. מען האָט אין אים געזען אַ כוח וואָס קאָן זיי העלפן אין קאַמף קעגן די קאָמוניסטן, פאַר וועלכע זיי האָבן זיך שטאַרק געשראָקן און אויך קעגן דער ווערסאַי טריטי וועלכע זיי האָבן געהאַסט, און אויך קעגן דער דעמאָקראַטישער ווײַמאַר קאָנסטי־טוציע וואָס איז זיי נישט געווען צום האַרצן. היטלער האָט אַזוי אַרום געקראָגן אַ סך וויכטיקע פריינט און שטיצער.

צווישן זיינע פריינט איז געווען דער געוועזענער הויפּט פון דער דייטשער אַרמיי, גענעראַל לודענדאָרף.

אין אָנפאַנג, ווי געזאָגט, האָט מען היטלערן נישט גענומען צו ערנסט. מען האָט אָנגענומען, אַז ער קאָן קיין סך שאָדן נישט ברענגען. אָבער מען האָט געזען, אַז זיין איינפלוס שטאַרקט זיך, אַז ער ווערט

געשטיצט פינאַנציעל אָפן און אין געהיים פון ווייכטיקע שטאַרקע גרופּעס, שונאים פון דער „ווײַמאַר רעפּובליק".

מען האָט אויך זיך אָנגעהויבן שרעקן, אַז אין דייטשלאַנד קאָן פּאַסירן דאָס זעלבע וואָס עס האָט אין 1922 פּאַסירט אין רוים, ווען בעניטאָ מוסאָליני, אַ געוועזענער רעדאַקטאָר פון אַ סאָציאַליסטישן זשורנאַל, האָט אַריינמאַרשירט אין דער איטאַליענישער הויפּטשטאָט און געשאַפן די פאַשיסטישע דיקטאַטור רעגירונג.

אין דייטשלאַנד זיינען פילע יידן געוואָרן נערוועז, און אָנגעהויבן פילן, אַז זיי זיינען אין געפאַר. אַ טייל פון אָט די אָנגעשראָקענע האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן די דייטשע מדינה און זוכן נייע היימען.

אין יענער צייט האָט פּאַסירט, אַז פילע אַסימילירטע יידישע פאַמיליעס זיינען געוואָרן נאַציאָנאַל געשטימט און אַפילו ציוניסטיש. עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע פון דייטשע יידן קיין ארץ ישראל.

אויך אין אַנדערע לענדער האָט דער אימפּאַקט פון היטלעריזם זיך געלאָזט שטאַרק פילן. פילע אַסימילירטע יידן האָבן זיך אומגעקערט צו נאַציאָנאַלער יידישקייט.

עס האָט נאַטירלעך אויך געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג, פּסיכאָלאָגיש, אויף דער יידישער יוגנט און אינטעליגענץ.

אַ גרויסער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די באַוועגונגען צו קעמפן קעגן פאַשיזם און היטלעריזם. דער הויפּט-ציל פון די דאָזיקע באַוועגונגען איז געווען צו פאַראייניקן אַלע ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע כוחות פון לאַנד אין דעם קאַמף קעגן פאַשיסטישע איינפלוסן וועלכע האָבן זיך פאַרשפּרייט אין געוויסע קרייזן. מען האָט געפילט, אַז אָט די פאַשיסטיש-נאַצישע איינפלוסן טראָגן גרויסע סכנות פאַרן יידישן פאָלק אומעטום, אַפילו אויך אין די פרייע, דעמאָקראַטישע לענדער.

עס האָט אַריינגעבראַכט אויך מער אינטענסיווקייט און אַנטשלאָסנ־קייט אין די ציוניסטישע אַרבעטן פאַר ארץ ישראל. מען האָט אָנגעהויבן פילן אַלץ מער און מער, אַז יידן זיינען נישט זיכער אַפילו אין די זיכערע לענדער. אין אַלע יידישע קרייזן האָט מען נישט געקאָנט פאַרשטיין ווי עס האָט געקאָנט אַריינקומען אַזאַ כוליגאַנישער אַנטיסעמיטיזם אין אַ לאַנד וואָס איז געווען דער צענטער פון אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. אויב עס האָט געקאָנט פאַסירן אין דייטשלאַנד, ווארום קאָן עס נישט פאַסירן אין אַנדערע ציוויליזירטע לענדער?

אַביסל פריער, באַלד נאָכן קריג, האָבן פילע יידן אין פאַרשידענע לענדער געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז אייראָפּע ווערט אינגאַנצן פריי פון אַנטיסעמיטיזם; אַז סאָציאַליסטן נעמען איבער די מאַכט אין די מערסטע אייראָפּעאישע מדינות און אידן וועלן געניסן אַלע רעכט און פרייהייטן אַלס בירגער. סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען געוואָרן גרויס

און שטאַרק נישט בלויז אין די באַזיגטע לענדער, דייטשלאַנד און עסטרייך, נאָר אויך אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און אין די סקאַנדינאַווישע מדינות. פאַר די רוסישע יידן, איז מען געווען זיכער, איז נישטאָ וואָס צו זאָרגן. צופיל יידישע נעמען זיינען דאַן געווען אין דער סאָוועטישער פירערשאַפט. דאָרט וועלן יידן שנעל פאַרגעסן דעם טעם פון גלות, האָט מען געמיינט.

אין אַט די יידישע קרייזן, וואו מען איז געווען זיכער מיט אַ דעמאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער צוקונפט פאַר אייראָפּע, איז מען געווען קאַלט צו ציוניסטישע אַספּיראַציעס. זיי האָבן געגלויבט, אַז דאָס וואָרט „גלות" איז שוין מער נישט רעאַליסטיש אין יידישן לעבן. אַט די אילוזיע איז צעשמעטערט געוואָרן ווען מוסאָליני האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין איטאַליע און היטלער האָט זיך באַוויזן אין דייטשלאַנד. מוסאָליני איז טאַקע נישט געווען קיין אַנטיסעמיט, אָבער ער האָט צעשמעטערט דעם גלויבן, אַז אייראָפּע גייט פאָראויס צו דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם.

פון דער אַנדער זייט זיינען געווען יידן וועלכע האָבן געמיינט, אַז היטלעריזם וועט זיך לאַנג נישט האַלטן; אַז היטלערס פאַרטיי „נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן" וועט באַלד צוזאַמענברעכן.

אין 1923 האָט היטלער מיט אַ גרופּע נאַצים געוואָלט דורכפירן אַ „פּוטש" קעגן דער פּראָווינציעלער רעגירונג פון בייערן. עס האָט זיך שנעל געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. היטלערן האָט מען אַרעסטירט. מען האָט אים — און 10 אַנדערע נאַצי-פירער, צווישן זיי עקס-גענעראַל לודענדאָרף — געשטעלט צו אַ פּראָצעס. לודענדאָרפן האָט מען באַפרייט. היטלערן האָט מען געפונען שולדיק אין פאַרראַט. מען האָט אים פאַר־משפּט צו 5 יאָר פּריזאָן. דאָס איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ זייער מילדע שטראָף. די ריכטער האָבן וואָרשיינלעך מיט אים סימפּאַטיזירט. אין פּריזאָן האָט מען אים געהאַלטן בלויז 8 אָדער 9 חדשים. מען האָט אים אַרויסגעלאָזט אויף „פּאַראָל".

ווען היטלער איז אַרויס פון פּריזאָן איז שוין די נאַצי פּאַרטיי ניט געווען אַזוי שטאַרק. די עקאָנאָמישע לאַגע אין דייטשלאַנד האָט זיך פאַרבעסערט. די פאַרבעסערונג איז געקומען אַ דאַנק געוויסע פינאַנציעלע הנחות וואָס די אַליאירטע, איבערהויפּט אַמעריקע, האָבן געמאַכט צו די דייטשן בנוגע די קאָנטריבוציע צאָלונגען.

ווען די נאַצים זיינען געוואָרן שוואַכער, ווען היטלער האָט אויפגע־הערט צו אַגיטירן, אַז מען זאָל שטירצן די ווײַמאַר רעפּובליק מיט מאַכט, האָבן פילע דייטשע יידן אָנגענומען, אַז די נאַצישע געפאַר איז אַריבער, אַז מען דאַרף זיך פאַר היטלערן מער נישט שרעקן. מען האָט נישט געוואוסט, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום וועט די נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ווערן די הערשערין פון דייטשלאַנד.

# דער אויפשטייג פון אַדאָלף היטלער

**דער עקאָנאָמישער צוזאַמענבּרוך אין דייטשלאַנד נאָך דעם פינאַנציעלן קראַך פון 1929. — ווי די נאַצים זיינען געקומען צו דער מאַכט. — דער שווערער איינדרוק אין די אידישע געמיינדעס**

דער קראַך אין וואָל סטריט, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1929, פון וועלכן מיר האָבּן גערעדט אין פריערדיקן אַרטיקל, האָט זיך פאַרשפּרייט צו אַ גרעסערער צאָל לענדער אין אייראָפּע, איבּערהויפּט צו אַזעלכע לענדער וועלכע זיינען געווען פינאַנציעל ענג פאַרבּונדן מיט אַמעריקעס עקאָנאָמישער סטרוקטור.

דער דאָזיקער קראַך האָט רואינירט אַ סך געשעפטן און פינאַנץ־אינסטיטוציעס אויך אין ענגלאַנד, אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד.

אין דייטשלאַנד האָט עס געפירט צו אַן ערנסטן עקאָנאָמישן קריזיס און פאַראורזאַכט אַ פּאָליטישן אומרו. עס האָט געפירט צו דעם, אַז אַדאָלף היטלער זאָל ווידער ווערן שטאַרק אַקטיוו און אַז זיין נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זאָל ווערן די גרעסטע פּאַרטיי אין רייכסטאַג און נאָכער די הערשנדע מאַכט אין לאַנד.

נאָך דעם גרויסן קראַך פון 1929 האָט מען ווידער אָנגעהויבּן קריגן טראַגישע ידיעות פון דייטשלאַנד וועגן די נאַצישע מעשים וועלכע זיינען געוואָרן דינאַמישער און אַגרעסיווער מיט יעדן טאָג. אין די יידישע געמיינדעס פון די שטאַטן און אויך אין קאַנאַדע, האָט מען שוין געקאָנט זען, אַז עס קומט אַ גרויסע געפאַר פאַר די יידן פון דייטשלאַנד און פון גאַנץ אייראָפּע.

צו פאַרשטיין דעם אומקער פון היטלערן איז נויטיק צו אומקערן זיך צו עטלעכע יאָר פריער, ווען היטלער איז אַרעסטירט געוואָרן נאָך זיין נישט־געלונגענעם „פּוטש" אין מינכען.

היטלער איז געזעסן אַ געוויסע צייט אין פּריזאָן, ווייניקער פון אַ יאָר, און ווען ער איז אַרויס פריי, איז שוין דייטשלאַנד געווען רואיקער און די עקאָנאָמישע דעפּרעסיע האָט ווייניקער געדריקט.

אין 1925 איז געשטאָרבּן פּרעזידענט עבּערט און זיין אָרט האָט פאַרנומען גענעראַל הינדענבּורג. עבּערט האָט סימבּאָליזירט די סאָציאַ־ליסטישע געזעלשאַפט פון דער צוקונפט. הינדענבּורג — דעם אומקער צוריק צו די מיליטאַריסטן.

עס איז אויך געקומען אַ נייער קאַנצלער — גוסטאַוו שטרעסעמאַן.

אונטער שטרעסמאַנען האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע אַנגעהויבן בעסערן. די אינפלאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ דאַנק דעם „דאוס פּלאַן" און דעם „יאנג פּלאַן", לויט וועלכע ריזיקע סומען געלט האָט גענומען פליייצן קיין דייטשלאַנד פון אַמעריקע. אין וואַשינגטאָן און אין לאָנדאָן האָט מען באַשלאָסן צו ראַטעווען די דייטשע עקאָנאָמיע צוליב צוויי אורזאַכן: ערשטנס, צו באַשיצן די „ווײַמאַר קאָנסטיטוציע" פון די נאַציס און פון די קאָמוניסטן, און צווייטנס צו דערמעגלעכן, אַז די דייטשן זאָלן קאָנען נאָכקומען זייערע קאָנסטריבוציע-צאָלונגען אין איינקלאַנג מיט דער ווערסאַי טריטי.

אויך פּאָליטיש האָט זיך די לאַגע פאַרבעסערט אין יענעם יאָר, דערמיט וואָס עס איז געשלאָסן געוואָרן די אַזוי גערופענע „לאָקאַרנאָ טריטי", לויט וועלכער די דייטשע גרענעצן ווערן גאַראַנטירט — אויב, נאַטירלעך, דייטשלאַנד וועט נאָכקומען די באַדינגונגען פון דער ווערסאַי טריטי.

ווען די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען זיינען געוואָרן סטאַביליזירט, האָבן היטלערס אָנהענגערס קיין סך ניט געקאָנט טומלען. ווען די דייטשן זיינען געווען ניט הונגעריק, האָבן זיי צו די נאַציס זיך ווייניק צוגעהערט.

אונטער שטרעסעמאַנען האָט מען די דייטשן אַריינגענומען אין דער „פעלקער ליגע" און דאָס לעבן אין דייטשלאַנד האָט אויסגעקוקט צו זיין מער-ווייניקער „נאָרמאַל". זייער ווייניק דייטשע יידן האָבן זיך געשראָקן פאַר די נאַציס. די יידן זיינען דאַן געווען זייער איינגעוואָרצלט און איינגעגלידערט אין אַלע צווייגן פון דייטשן לעבן — קאָמערץ, וויסנשאַפט, ליטעראַטור און קונסט; די גרעסטע דייטשע צייטונגען האָבן געהאַט יידישע אַרויסגעבער און יידן רעדאַקטאָרן און ערשט-קלאַסיקע פּובליציסטן. אָט די יידן האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז עס וועט באַלד קומען אַזאַ כוח וואָס וועט זיי אַרויסרייסן פון אָט די איינגעפונדעוועטע פּאָזיציעס, וועלכע זיי האָבן גענירשנט פון זייערע עלטערן און זיידעס. זיי אַליין האָבן זיך געפילט מער ווי דייטשן. זייער יידישקייט איז געווען ביי זיי כמעט ווי פאַרגעסן. ווען די נאַציס דערמאָנען זיי נישט, וואָלטן זיי וועגן דעם זייער ווייניק געטראַכט.

ווען עס איז געקומען דער גרויסער פינאַנציעלער קראַך אין וואָל סטריט, האָט מען עס אין דייטשלאַנד באַלד דערפילט. אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צוריקציען איר גאָלד פון די דייטשע בענק. גרויסע געשעפטן זיינען געוואָרן פאַראַליזירט. פאַבריקן האָבן זיך געשלאָסן. ווידער האָט דייטשלאַנד געקראָגן אַן אַרמיי פון אַרבעטסלאָזע — אַרבעטסלאָזע אַרבעטער און אַרבעטסלאָזע געשעפטסלייט און פּראָפעסיאָנאַלן.

דאָן האָט היטלער זיך ווידער געוויזן מיט זיין אַראַטאַרישער דעמאַ-

גאָגיע און ווידער זיינען גרויסע מאַסן צו אים געלאָפֿן און זיך אָנגעשלאָסן אין די נאַצישע רייען.

היטלער האָט געשריען, אַז יידישע באַנקירן פֿון וואָל סטריט, פֿון לאָנדאָן און פּאַריז, זיינען שולדיק פֿאַר דעם נייעם עקאָנאָמישן קריזיס אין דייטשלאַנד.

היטלער האָט גערופֿן די דייטשן צו באַוואָפֿענען זיך און קעמפֿן קעגן דער ווערסאַי־טריטי וועלכע איז געשאַפֿן געוואָרן פֿון יידישן פֿאָלק וואָס איז דער אמתער שונא פֿון דייטשלאַנד.

דער דערפֿאָלג פֿון די נאַצים איז געווען זייער גרויס. היטלערס בוך „מיין קאַמף" איז געוואָרן זייער פּאָפּולער. דייטשן האָבן עס געלייענט מיט גרויס חשק. מען האָט אים איבערזעצט אין פֿילע שפּראַכן. היטלערס פּאָליטישע אַקציעס זיינען געשטיגן. דייטשע יוגנטלעכע זיינען געלאָפֿן זיך אָנשליסן אין די רייען פֿון די נאַצישע „שטורם־טרופּערס" וועלכע פֿלעגן מאַרשירן אָנגעטאָן אין ברוינע העמדלעך.

אַ סך דייטשע אַרבעטער זיינען געווען קאָמוניסטן, וועלכע זיינען אויך געוואָרן מער אַקטיוו ווען עס איז געקומען דער גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס צוליב וועלכן זעקס מיליאָן דייטשן זיינען געוואָרן אַרבעטסלאָז. יעדן טאָג פֿלעגן פּאַרקומען בלוטיקע גאַסן־געשלעגן צווישן נאַצים און קאָמוניסטן אין די אינדוסטריעלע שטעט פֿון דייטשלאַנד.

אין 1929 איז היינריך ברונינג געוואָרן דער קאַנצלער פֿון דייטשלאַנד. ער האָט געוואָלט ראַטעווען דייטשלאַנד פֿון נאַצישער הערשאַפֿט. ער האָט צוליב דעם אָנגעפֿאַנגען אַ באַוועגונג צו ברענגען די קייזערלעכע פֿאַמיליע צוריק קיין בערלין. ער האָט געוואָלט, אַז די דייטשן זאָלן בעסער באַהערשט ווערן פֿון אַ „קאַיזער" איידער פֿון אַ נאַצישן דיקטאַטאָר. דאָס איז אים ניט געלונגען.

אין די וואַלן פֿון 1930 האָבן די נאַצים געוואונען אַ גרויסע צאָל סיטס אין רייכסטאַג. ס'איז דאַן געוואָרן קלאָר, אַז זיי גייען זיכער צו דער מאַכט.

נאָך די וואַלן פֿון 1930 האָבן דייטשע יידן זיך באמת דערשראָקן און פֿילע פֿון זיי האָבן אָנגעהויבן זיך אָפּטראָגן קיין אויסלאַנד.

פֿון 1930 ביז הערבסט 1933, ווען די נאַצים האָבן איבערגענומען די דייטשע רעגירונג, ווען היטלער איז געוואָרן קאַנצלער, האָבן פֿילע דייטשע יידן פֿאַרלאָזט זייערע היימען און געוואַנדערט קיין אויסלאַנד. אַ טייל האָט זיך באַזעצט אין ארץ ישראל. צווישן די וועלכע האָבן זיך דאַן באַזעצט אין דעם יידישן לאַנד זיינען איצט פֿאַראַן פּראָמינענטע בירגער פֿון ישוב, וועלכע האָבן מיט זייער אינטעליגענץ און פֿעאיקייט פֿיל בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פֿון דער היינטיקער מדינת ישראל.

# דינאַמישער אַנטיסעמיטיזם

**דער אויפשטייג פון אַרקאַנ׳ס אַנטי־יידישער באַוועגונג. — דער קאַמף קעגן די ליבעראַלן איבער דער יידישער סקול פראַגע וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ שטורעמדיקן קאַמפּיין קעגן יידן.**

אין די דרייסיקער יאָרן האָט געבושעוועט אַ דינאַמישע אַנטיסע־מיטישע באַוועגונג אין דער קוויבעקער פּראָווינץ, ספּעציעל אין מאָנטרעאל.

די באַוועגונג איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַדריען אַרקאַן, וועמען מען האָט גערופן „דער קליינער היטלער פון קוויבעק״.

עס זיינען אויך געווען אַנדערע דינאַמישע אַנטיסעמיטן. אַרקאַן איז אָבער געווען די צענטראַלע פיגור, דער טעאָרעטיקער, איניציאַטאָר און אָרגאַניזירער. אַרקאַן האָט רעדאַגירט עטלעכע אַנטיסעמיטישע זשורנאַלן. פּייאַיק און געשיקט אַרויסגעגעבן. זיין הויפּט אַרויסהעלפער איז געווען דער דרוקער פון זיינע זשורנאַלן, דזש. מענאַרד, אייגנטימער פון אַ דרוקעריי אין מאָנטרעאל.

אַנדערע אַנטיסעמיטישע פירער, וועלכע האָבן זיך באַרימט געמאַכט אין יענעם פּעריאָד זיינען געווען סאַלוסט לאַווערי, אַ צווייט־ראַנגיקער לאַיער, וועלכער איז געווען אַקטיוו, דער עיקר, אויפן „פּאָליטישן פראָנט״ און דר. לאַמבערט, אַ דענטיסט, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „דער שליסל צו דער מיסטעריע״, אַ זאַמלונג פון אַנטיסעמיטישע מאַטעריאַלן פון פאַרשיידענע צייטן, איינשליסנדיק די טרויעריק־באַרימטע „זקני ציון פּראָטאָקאָלן״. זיין בוך איז אַ סך פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער פּראָווינץ קוויבעק. אַרקאַן האָט אָנגעהויבן זיין אַנטיסעמיטישע טעטיקייט נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן מיט דרוקן אַרטיקלען קעגן פּרעמיער טאַשעראָ למאי ער האָט פאָרגעשלאָגן אַ געזעץ אין דער קוויבעקער לעדזשיסלייטשור, אַז יידן האָבן דאָס רעכט צו אַן אייגענעם סקול־פּאַנעל אין דער קוויבעקער פּראָווינץ.

אין יענער צייט האָט אַרקאַן געפירט אַ קאַמפּיין קעגן דער ליבעראַלער רעגירונג פון קוויבעק. טאַשעראָס שטעלונג צו דער יידישער סקול־פּראַגע האָט אים געגעבן די געלעגנהייט צו אַטאַקירן די ליבעראַלע פּאַרטיי. ער איז אַרויסגעקומען מיט דער טענה, אַז טאַשעראָ האָט זיך פאַרקויפט צו דער יידישער געמיינדע קעגן די אינטערעסן פון דער קריסטלעכער באַ־פעלקערונג, דער עיקר קעגן די קאַטאָליקן.

דער קאַמף קעגן טאַשעראָן איבער דער יידישער סקול־פּראַגע האָט שטאַרק אָנגעשלאָגן אין געוויסע קאַנאַדיש־פראַנצויזישע קרייזן. זיין קליין צייטונגל איז צוליב דעם געוואָרן באַוואוסט און געקראָגן אַ סך לייענער. אַרקאַן האָט אויך געקראָגן די שטיצע פון פּאָליטישע קרייזן, וועלכע זיינען

געווען פֿאַראינטערעסירט אָפּצושוואַכן די פּאָזיציעס פֿון דער ליבעראַלער פּאַרטיי אין דער פּראָווינץ קוויבעק.

אַרקאַן האָט דאָן געזען, אַז זיין אַנטיסעמיטישע סחורה גייט נישט שלעכט האָט ער געשאַפֿן נאָך אַ וואָכנבלאַט און פֿאַרשטאַרקט דעם קאַמף קעגן די ליבעראַלן און קעגן דער יידישער געמיינדע. ער האָט גלייכצייטיק אָרגאַניזירט אַ באַוועגונג, וועלכע האָט אָנגענומען די פֿאַשיסטישע און נאַצישע אידעאָלאָגיעס. זיין הויפּט לאָזונג איז דאָן געווען, אַז אַלע יידן זיינען קאָמוניסטן און אַז די מערסטע קאָמוניסטן זיינען יידן.

אין אָנפֿאַנג פֿון די דרייסיקער יאָרן האָט אַרקאַן נאָך מער אויסגע־בּרייטערט זיין אַנטיסעמיטישע באַוועגונג. ער האָט זיך פֿאַרבונדן מיט אויסלענדישע היטלעריסטישע אָרגאַניזאַציעס און געוואָרן דער „ספּאָוקס־מען" פֿון געבעלס און שטרייכער אין קוויבעק. אין זיינע זשורנאַלן האָט מען געדרוקט אַרטיקלען פֿון „שטירמער" און, נאַטירלעך, די זקני ציון פּראָטאָקאָלן.

דער דערפֿאָלג פֿון אַרקאַן און מענאַר האָט דערמוטיקט אַנדערע זיי זאָלן זיך נעמען צו אַנטיסעמיטיזם. עס האָבן זיך געשאַפֿן אַ צאָל אַנטי־יידישע גרופּעס אונטער פֿאַרשיידענע נעמען. אייניקע גרופּעס זיינען געווען פֿאַראינטערעסירט, דער עיקר, אין דעם עקאָנאָמישן קאַמף קעגן יידישע סוחרים און קרעמער. זיי האָבן אָנגעפֿירט אַן אַגיטאַציע, אַז מען זאָל ניט קויפֿן אין סטאָרס, וועלכע געהערן צו יידן. פֿון דער דאָזיקער אַגיטאַציע האָבן געליטן אַ סך יידישע סטאָר־אייגנטימער פֿון די מיטעלע און קלע־נערע שטעטלעך.

סאָלוסט לאַוועריִ, ווי געזאָגט, האָט געאַרבעט אויפֿן פּאָליטישן פֿראָנט. אין אַ וואַל־קאַמפּיין פֿלעגט ער אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור און אַרויס־קומען מיט אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיטישער פּראָגראַם. אין די מוניציפּאַלע וואַלן פֿון 1934 איז ער געווען איינער פֿון די מעיאָר קאַנדידאַטן. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פֿון מוניציפּאַלע וואַלן אין מאָנטרעאַל איז געווען אַ קאַנדידאַט מיט בלויז אַנטי־יידישע לאָזונגען. ער האָט אָנ־געפֿירט אַ שטורעמדיקן קאַמפּיין. אויף זיינע מאַס־מיטינגען פֿלעגן אויפֿ־טרעטן אַנטיסעמיטישע רעדנער און אויפֿהעצן דעם המון מיט גיפֿטיקע רעדעס קעגן אידן. זיי האָבן באַרעכטיקט די רדיפֿות אויף יידן אין דייטשלאַנד און גערופֿן צו טאָן דאָס זעלבע אין קאַנאַדע. לאַוועריִ איז, נאַטירלעך, דורכגעפֿאַלן, אָבער ער האָט געצויגן אַ גרויסע צאָל שטימען, וואָס האָט נאַטירלעך אַרויסגערופֿן פֿיל זאָרג אין דער יידישער געמיינדע.

# דער קאַמף קעגן דייטשע יידן

**דופלעסי הויבט אָן אַ באַוועגונג קעגן אַריינלאָזן דייטשע יידן. — זיין סענסאַציע וועגן 100 טויזנט יידישע פליטים. — דראַמאַטישע דעבאַטע אין מאָנטרעאַלער שטאָט־ראַט וועגן יידישע נאַצי־קרבנות.**

דער אַנטיסעמיטישער איינפלוס, אין אָנפאַנג פון די דרייסיקער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן שפירן אויך אין הויכע פּאָליטישע פענצטער. אַנטיסעמיטישע לאָזונגען פלעגן מען הערן פון צייט צו צייט אויך אין דער לעדזשיסלייטשור פון קוויבעק.

מאָרים דופלעסי, פירער פון „אוניאָן נאַסיאָנאַל", וועלכער איז אַ לאַנגע צייט געווען פּרעמיער פון קוויבעק, איז איינמאָל אַרויסגעקומען מיט אַ ידיעה וואָס איז געווען אַ געפערלעכע העצע קעגן יידן. די ידיעה איז געווען, אַז דייטשע יידן, וועלכע מוזן אַנטלויפן פון היטלערס מדינה, קומען אין גרויסע מאַסן קיין קאַנאַדע, און די קוויבעקער פּראָווינץ זיינען צוליב דעם אין אַ גרויסער געפאַר.

דופלעסי האָט דערקלערט, אַז ער האָט די ידיעה געקראָגן פון ראַיעלע קוואַלן. ניט ווייניקער ווי 100,000 יידישע פליטים פון דייטשלאַנד וועלן זיך באַזעצן אויף פאַרמס אין קוויבעקער פּראָווינץ. די פאַרמס וועלן אָפּגע־קויפט ווערן מיט געלטער וועלכע עס וועלן קומען פון וועלט־יידנטום.

דער דאָזיקער אַרויסטריט פון מר. דופלעסי האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע סענסאַציע. די ענגלישע און פראַנצויזישע צייטונגען האָבן עס געפּיטשטורט ווי ערשט־קלאַסיקע וועלט־נייעס. דופלעסי האָט געזאָגט אין לעדזשיסלייטשור, אַז ער איז גוואַלדיק באַזאָרגט וועגן דער טרויעריקער לאַגע פון די 100,000 קוויבעקער פאַרמערס וועלכע וועלן פאַרלירן זייערע פאַרמס צו די דייטשע יידן. ער האָט גערופן די קוויבעקער פראַנצויזן צו פאָדערן פון דער פעדעראַלער רעגירונג אין אָטאַווע, אַז זי זאָל פאַרהאַקן די טויערן פון לאַנד פאַר די יידישע פליטים וועלכע מוזן זיך אַרויסקלייבן פון דייטשלאַנד.

דער אַרויסטריט פון מר. דופלעסי האָט טאַקע געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון פּראָווינץ.

עס האָט זיך טאַקע באַלד אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באַוועגונג צווישן קוויבעקער פראַנצויזן צו מאַניפעסטירן זייער קעגנערשאַפט וועגן אַריינ־לאָזן יידישע קרבנות פון נאַצי־ברוטאַליטעט. אין אָטאַוואַ האָט די רעגירונג געלאָזט וויסן, אַז עס איז נישטאַ קיין שום פאַרלאַנג, אַז קאַנאַדע זאָל

עפּענען אירע טויערן פאַר מאַסן-איינוואַנדערונג פון דייטשע ייִדן, וועלכע מוזן אַנטלויפן פון דייטשלאַנד.

אין אַ גרויסער צאָל שטעט און שטעטלעך פון קוויבעקער פּראָווינץ האָט מען אַרייַנגעבראַכט רעזאָלוציעס אין די דאָרטיקע שטאָט-ראַטן, צו פאָדערן, אַז מען זאָל נישט אַרייַנלאָזן אין קאַנאַדע קרבנות פון היטלעריזם. די דאָזיקע רעזאָלוציעס זייַנען געשריבן געוואָרן לויט אַ נאַצישן נוסח. אין די דאָזיקע רעזאָלוציעס האָט מען די דייטשע ייִדן באַצייכנט אַלס „אַנטי-קריסטן", אויך אַלס „טרעגער פון קאָמוניסטישע, אַטעאיסטישע צילן". ווען מען האָט אַזאַ רעזאָלוציע פאָרגעשלאָגן, זייַנען שוין געווען געוויסע רעדנער וועלכע האָבן געשאָטן פעך און שוועבל אויף ייִדן און באַרעכטיקט די נאַצישע רדיפות אויף די ייִדישע קרבנות. עס האָט געהייסן, לויט זייערע רעדעס, אַז מסתמא האָבן די ייִדן אין דייטשלאַנד פאַרדינט, אַז מען זאָל זיי באַהאַנדלען אַזוי גרויזאַם.

אויך אין מאָנטרעאַלער שטאָט-ראַט האָט מען אַרייַנגעבראַכט אַזאַ רעזאָלוציע. די רעזאָלוציע האָט אַרויסגערופן אַ זייער דראַמאַטישע דעבאַטע. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער, 1933. אַ גאַנצע זיצונג איז געווידמעט געוואָרן צו דער „ייִדישער פראַגע".

די רעזאָלוציע איז אַרייַנגעבראַכט געוואָרן פון אַלדערמאַן אזשעי, וועלכער איז שוין געווען באַוואוסט פאַר אַ ביטערן אַנטיסעמיט, און אַנהענגער פון אַרקאַנס פּאַרטיי „נאַציאָנאַלע קריסטלעכע סאָציאַליסטן". אַ צווייטער באַוואוסטער שונא ישראל איז געווען אַלדערמאַן קווינטאַל.

צו דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג זייַנען געקומען אַ סך מענטשן. מען האָט שוין געוואוסט פריער, אַז עס וועט זייַן אַ דעבאַטע וועגן אַנטי-סעמיטיזם. אַלדערמאַן אזשעי האָט אָנגעפאַנגען די דעבאַטע מיט אַ רעדע אין וועלכער ער האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אָנערקענען דאָס די פירער פון דער דייטשער מלוכה פאַרדינען אַ גרויסן דאַנק פון אַלע קריסטלעכע מענטשן דערפאַר, וואָס זיי באַשטראָפן די דייטשע ייִדן וועלכע זייַנען קאָמוניסטישע אַגענטן מיט אַנטי-קריסטלעכע צילן. די דייטשע ייִדן, האָט ער געשריען, זייַנען באַטייליקט אין אַ קאָנספּיראַציע, צוזאַמען מיט די הערשער פון מאָסקווע, צו פאַרניכטן די קריסטלעכע ציוויליזאַציע אין אַלע לענדער, אויך דאָ אין קוויבעקער פּראָווינץ.

אויך אַלדערמאַן קווינטאַל האָט גערעדט אין דעם זעלביקן זין. עס האָבן גערעדט אויך אַנדערע אַלדערמען, פראַנצויזישע, וועלכע האָבן אויסגעדריקט די באַדויערונג וואָס די דייטשע ייִדן ווערן גערודפט, אָבער — אַרייַנלאָזן זיי אין קאַנאַדע — ניין. מען דאַרף בעטן דער פעדעראַלער רעגירונג זי זאָל האַלטן די טויערן פון לאַנד געשלאָסן פאַר אימיגראַנטן.

צו פאַרטיידיקן די דייטשע ייִדן זייַנען געווען בלויז דריי אַלדערמען, אַלע דריי ייִדן — יוסף שובערט, אַ סאָציאַליסט, מאַקס סיגלער און בערל שוואַרץ.

יעדער איינער פון די דריי יידישע אַלדערמען האָט גערעדט ווירדיק און פאַרדאַמט די היפּאָקריטסטוואָ און דעמאַגאָגיע פון די אַנטיסעמיטישע רעדנער. ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָט מען געשענקט צו יוסף שובערט, דערפאַר ווייל ער האָט גערעדט נישט בלויז אַלס ייד, נאָר אַלס סאָציאַליסט, און אַלס איינער וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט דער טרעיד־יוניאָן באַוועגונג. ער האָט געזאָגט, אַז די נאַצים אין דייטשלאַנד זיינען ביטערע שונאים פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער, אַז די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אומעטום, אויך אין קוויבעקער פּראָווינץ, זיינען אַנטשלאָסן צו קעמפן קעגן די נאַציסטישע און פאַשיסטישע כוחות און קעגן אַלע די וועלכע שטיצן זיי דירעקט און אינדירעקט.

אַלדערמאַן סיגלער האָט געזאָגט, אַז ס'איז געמיין און היפּאָקריטיש צו אַטאַקירן די דייטשע יידן אין נאָמען פון קריסטלעכקייט. אַלע פאַראַנט־וואָרטלעכע פירער פון דעם קריסטלעכן גלויבן אין די דעמאָקראַטישע לענדער פאַרדאַמען די היטלעריסטישע כוחות אין דייטשלאַנד, אַלס כוחות פון באַרבאַריזם און פינצטערניש.

אַלדערמאַן שוואַרץ האָט אויסגעדריקט אַנטריסטונג למאי אין אַזאַ שטאָט ווי מאָנטרעאַל, וואָס האָט אַ גרויסע קאָסמאָפּאָליטישע באַפעל־קערונג, זאָל מען אין סיטי־האָל האַלטן אַזעלכע אַנטיסעמיטישע רעדעס, ווי עס פלעגן רעדן די שונאי־ישראל פון מיטלאַלטער. מאָנטרעאַל איז אפשר די איינציקע גרויסע שטאָט אויפן קאָנטינענט וואו אַזעלכע סצענעס פון אַנטיסעמיטישער דעמאַגאָגיע און היפּאָקריטסטוואָ ווערן דורכגעפירט.

אַלדערמאַן אַזשעי איז אויפגעשפּרונגען אַ צעקאָכטער און געשריען, אַז אַלדערמאַן שוואַרץ באַליידיקט אים. שפּעטער איז ער צוגעקומען צום רעפּאָרטערס טיש און געזאָגט צו די פראַנצויזישע רעפּאָרטערס, אַז ער וועט נישט שווייגן. ער וועט זיך רעכענען מיט די יידישע אַלדערמען. ער וועט זיכער אַנקלאָגן בערל שוואַרץ פאַר רופן אים עפנטלעך דעמאַגאָג.

די יידישע אַלדערמען האָבן דאָך אָבּיסל אויסגעפירט. אָפּשטעלן די רעזאָלוציע איז טאָקע ניט געווען מעגלעך, אָבער זיי האָבן געפּועלט, אַז מען זאָל זי מאַכן ווייכער. מען האָט אַרויסגענומען פון איר די שאַרפע אַנטיסעמיטישע ווערטער. מען האָט איבערגעלאָזט אין איר בלויז דעם פאַרלאַנג, אַז צוליב דער שטאַרקער אַרבעטסלאָזיקייט וואָס הערשט אין לאַנד, זאָל מען פאַרלאַנגען פון דער ליבעראַלער רעגירונג, אַז זי זאָל שליסן די טויערן פון לאַנד פאַר אימיגראַנטן פון אייראָפּע.

בלויז אין מאָנטרעאַל איז די רעזאָלוציע וועגן די דייטשע יידן פאַר־וואַסערט געוואָרן. אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך איז די רעזאָלוציע אָנגענומען געוואָרן אין אָריגינאַל, לויט דעם טעקסט וואָס אַנטיסעמיטישע הענט האָבן געשריבן.

# די אידישע פֿראַגע אין סופּיריאָר געריכט

### דער פֿאַרלאַנג פֿאַר אַן „אינדזשאָנקשאָן" קעגן די אַנטיסעמיטישע בלעטלעך. — די היסטאָרישע אַנטשיידונג פֿון ריכטער דעזאַניע, וואָס איז געווען אַן אָנקלאַגע קעגן אַנטיסעמיטיזם.

אין 1932 איז געמאַכט געוואָרן אַ פֿאַרזוך אָפּצושטעלן די אַנטיסעמיטישע בלעטלעך דורך אַן „אינדזשאָנקשאָן" פֿון סופּיריאָר געריכט. דאָס איז געווען אין זעלביקן יאָר ווען אין לעדזשיסלייטשור איז ניט אָנגענומען געוואָרן דער „בערקאָוויטש ביל" צו פֿאַרבאָטן פֿאַרלוימדונגען קעגן אַ כלל.

אַ געשעפֿטסמאַן פֿון לאַשין, ע. אַבוגאָוו, האָט זיך געווענדעט צום געריכט נאָך אַן „אינדזשאָנקשאָן" קעגן „גאַגליו" און „מירואַר" אויפֿן גרונט וואָס ער, אַלס מיטגליד פֿון יידישן פֿאָלק, פֿילט זיך פּערזענלעך שטאַרק געטראָפֿן פֿון די אַנטי־יידישע העצעס וואָס אַדריען אַרקאַן און זשאָזעף מענאַרד פֿירן אָן אין זייערע בלעטלעך. צוליב אָט דער העצע, האָט ער באַהויפּטעט, האָבן אַנטיסעמיטישע באַיאַנעס געוואָרפֿן שטיינער און צעשמעטערט פֿענסטער פֿון זיין סטאָר. די אַדוואָקאַטן פֿאַר מר. אַבוגאָוו זיינען געווען מאיר גאַמעראָף און דזשאָזעף קאָהען, וועלכער איז דאַן געווען דעפּוטאַט אין לעדזשיסלייטשור.

אין דער יידישער געמיינדע האָט מען פֿיל דעבאַטירט אויב מען זאָל אָנקלאָגן די אַנטיסעמיטן אין געריכט. עס איז געווען אַ מיינונג, אַז עס וועט זיין פּראַקטישער צו פֿאַרשווייגן. די דאָזיקע מיינונג איז אויסגעדריקט געוואָרן פֿון געוויסע כלל־טוער, וועלכע האָבן אָנגענומען, אַז אויב מען וועט זיי באַשטראָפֿן אין געריכט וועט מען זיי מאַכן פֿאַר מאַרטירער און דאַן וועלן זיי קריגן נאָך מער פֿריינט און אָנהענגער.

עס איז אויך געווען אַ צד, וועלכער האָט אַרגומענטירט, אַז מען וועט ניט קענען געפֿינען אַ ריכטער, אָדער אַ דזשורי אין דער קוויבעקער פּראָווינץ וואָס זאָל אַרויסטראָגן אַן אורטייל פֿון „שולדיק" קעגן זיי. איז פּראַקטישער, האָבן זיי געזאָגט, אַז מען זאָל גאָרניט אָנהויבן.

עס איז אָבער געווען אַ גרויסער צד וואָס האָט גע'טענה'ט ,אַז מען טאָר ניט שווייגן, אַז אויב מען וועט זיין פּאַסיוו וועט זיך זייער איינפֿלוס פֿאַרשטאַרקן און די באַציאונג צו דער יידישער געמיינדע וועט ווערן ערגער.

אין יענער צייט איז דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס געווען „סוספּענדיט". אין נאָמען פֿון קאָנגרעס וואָס האָט עקזיסטירט מיט עטלעכע יאָר צוריק, און וואָס וועט דאַרפֿן שפּעטער באַנייען זיין עקזיסטענץ —

האָט גערעדט ה. מ. קייזערמאַן, דער סעקרעטאַר פון ערשטן קאָנגרעס. דער אָפּיס פון „קענעדער אָדלער״ איז דאַן געווען דער הויפּט צענטער, וואו מען פלעגט פּלאַנירן פאַרטיידיקונג־אַקציעס קעגן די אַנטיסעמיטן. אין די דאָזיקע אַקציעס זיינען געווען פאַראינטערעסירט יידישע אַדוואָקאַטן וועלכע האָבן דאַן געהאַנדלט אַלס יחידים, צווישן זיי די אידישע דעפּוטאַטן פון לעדזשיסלייטשור, בערקאָוויטש און קאָהען, און ס. וו. דזשייקאָבס, דער דעפּוטאַט פון פעדעראַלן פּאַרלאַמענט.

אין דער יידישער געמיינדע האָט זיך געשפּירט פּיל אויפרעגונג, געמישט מיט מורא. די ידיעות, וועלכע זיינען געקומען פון אייראָפּע זיינען געווען שרעקלעך. אין דייטשלאַנד קומען די נאַציס אַלץ נעענטער און נעענטער צו דער מאַכט און דער שיקזאַל פון די דייטשע יידן איז שוין אַזוי גוט ווי פאַרזיגלט. אין פּוילן שטאַרקט זיך דער רעגירונגס אַנטי־סעמיטיזם. יידישע געשעפטן ווערן געדריקט און פאַרניכטעט פון די שווערע שטייערן, און באַיאַנעס טעראָריזירן יידישע סטודענטן אין די הויכשולן. ענלעכע ידיעות קומען פון רומעניע און פון אונגאַרן. עס האָט זיך שוין געשפּירט דער אָנקום פון אַ מבול אין אייראָפּע.

אין סופּיריאָר געריכט איז דער פאַרלאַנג פאַר אַן „אינדזשאָנקשאָן״ קעגן די אַנטיסעמיטישע בלעטלעך געקומען צו ריכטער דעזאַניע. נאָכדעם ווי ער האָט דעם פאַדלאַנג גוט באַטראַכט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זייער לאַנגע אַנטשיידונג, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן פאַר אַ היסטאָרישן דאָקומענט, פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע דאָקומענטן צו פאַרדאַמען אַנטיסעמיטיזם. דער ריכטער האָט אָבער ניט געהאַט פאַר זיך קיין געזעץ אַרויסצוגעבן אַן „אינדזשאָנקשאָן״.

דער ריכטער באַדויערט אין זיין אַנטשיידונג למאי ער קאָן ניט דערפילן דעם פאַרלאַנג פון דער אָנקלאַגע. ער קאָן אָבער אויסדריקן די אַנטריסטונג פון געריכט איבער די מעשים פון די אַנטיסעמיטן, וועלכע פּרעטענדירן, אַז זיי באַשיצן די אינטערעסן פון די קאַנאַדער פראַנצויזן. עס אַז ניט אמת. די פראַנצוישע איינוואוינער אין קאַנאַדע זיינען אַ מינאָריטעט און עס איז קעגן די אינטערעסן פון אַ מינאָריטעט, אַז מען זאָל רודפן אַן אַנדער מינדערהייט.

ריכטער דעזאַניע האָט געשריבן אין זיין אַנטשיידונג אַ לענגערע היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג וועגן אַנטיסעמיטיזם און באַטאָנט, אַז עס איז אַ באַוועגונג וואָס איז אַנטי־קריסטלעך, אוממאָראַליש און איז באַזירט אויף פאַלשקייט, דעמאַגאָגיע און היפּאָקריטסטוואָ.

אַנטיסעמיטיזם איז שעדלעך ניט בלויז פאַר די יידן קעגן, וועלכע עס ווערט אָנגעווענדעט. עס איז אויך שעדלעך פאַר די יעניקע אין וועמענס נאָמען עס ווערט פּראַקטיצירט. דער ריכטער האָט ציטירט אַ פראַנצויזישן דיפּלאָמאַט, אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע, וועלכער איז געווען אַן אַמבאַסאַדאָר אין רוסלאַנד אין די צייטן פון צאַר.

ער האָט געשריבן אין 1915 וועגן דער טראַגישער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך יעדער מפלה פון דער רוסישער אַרמיי האָט די צאַרישע פּאָליציי שטאַרקער גע׳רודפ׳ט די יידן, זיי געטריבן ברוטאַל פון די היימען, וואו זיי האָבן געלעבט, צו אַנדערע ערטער וואו מען האָט זיי געלאָזט אויף הפקר. ווען עס איז דערנאָך פאַרגעקומען די הינריכטונג פון דעם צאַר און זיין פאַמיליע ערגעץ אין אַ קעלער פון אַ הויז אין יעקאַטערינענבורג, האָט דאָס אומשולדיקע קינד, וואָס האָט געזאָלט זיין דער יורש עצר פון צאַר פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ קרבן צוליב די זינד פון זיינע עלטערן?

דער אַנטיסעמיטישער קאַמפּיין איז אויך אַנטי־קריסטלעך — האָט דערקלערט ריכטער דעיזאַניע אין זיין היסטאָרישער אַנטשיידונג. ער האָט געבראַכט ציטאַטן פון קריסטלעכע אויטאָריטעטן, צו ווייזן ווי פאַלש עס זענען די בלבולים אויפן תלמוד. ער האָט פאַרדאַמט מיט די שאַרפסטע ווערטער די באַהויפּטונגען פון אַרקאַן און מענאַרד, אַז דער תלמוד דערלויבט צו מאָרדן קריסטן און צו נוצן קריסטלעך בלוט פאַר ריטועלע צוועקן. דער קאַמפּיין קעגן יידן פון „מירואַר” און „גאַגליו” איז ענלעך צום אַנטי־יידישן קאַמפּיין וואָס דרומאָנד האָט אָנגעפירט אין פראַנקרייך, אַ קאַמפּיין וואָס האָט אַריינגעבראַכט אינערלעכע צעטיילונג צווישן די פראַנצויזן, אָפּגעשוואַכט זייערע מאָראַלישע כוחות און פאַראורזאַכט אַז אַן אומשולדיקער מאַן זאָל פאַרשיקט ווערן צום „טייפלס אינדזל”.

די יידישע ראַסע, האָט ריכטער דעיזאַניע באַטאָנט, האָט געוויזן, אַז זי איז געבענטשט מיט דער פייאיקייט צו איבערלעבן די אימפּעריעס, וועלכע האָבן איר פאַרשקלאַפט. פילע פון די פעלקער, וועלכע האָבן זיי אונטערדריקט זיינען אָפּגעווישט געוואָרן און עקזיסטירן ניט מער. דער ריכטער האָט אונטערשטראָכן, אַז ער ברענגט אָט די אַלע פאַקטן אין זיין אַנטשיידונג, כדי אויסצודריקן זיין זאָרג הלמאי עס איז ניטאָ קיין געזעץ לויט וועלכן אַ ריכטער זאָל קאָנען האַנדלען אָפּצושטעלן אָט די סאָרט שעדלעכע פּראָפּאַגאַנדע וואָס ווערט אָנגעפירט פון די אַנטי־סעמיטישע בלעטלעך קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

ריכטער דעיזאַניע איז געווען איינער פון די ערשטע קאַנאַדער פראַנצויזן, וועלכע זיינען אַזוי שטאַרק אַרויסגעטראָטן קעגן די אַנטי־סעמיטישע גרופּעס אין דער פּראָווינץ. דאָס האָט שטאַרק דערמוטיקט די יידישע געמיינדע און די ליבעראַל־געשטימטע קרייזן אין דער פּראָווינץ.

כאָטש קיין „אינדזשאָנקשאָן” האָט דער ריכטער נישט געקאָנט געבן, איז אָבער זיין שריפטלעכע אַנטשיידונג וואָס האָט געצויגן זייער פיל אויפמערקזאַמקייט אין דער אַלגעמיינער פּרעסע, אַרויסגערופן פיל צופרידנהייט אין דער יידישער געמיינדע.

## די פֿאַרטיידיקונג פֿון תלמוד אין לעדזשיסלייטשור

**דער אַרויסטריט פֿון אנרי בוראסאַ קעגן די אַנטיסעמיטן. — די היסטאָרישע רעדעס פֿון פּיטער בערקאָוויטש און דזשאָזעף קאָהען אין לעדזשיסלייטשור. — די גלענצנדע פֿאַרטיידיקונג פֿון תלמוד.**

אין פֿעברואַר 1932 האָט מען אויפֿגענומען אין קוויבעקער לעדזשיסלייטשור דעם „בערקאָוויטש ביל" וואָס האָט פֿאָרגעשלאָגן צו שאַפֿן אַ געזעץ וואָס זאָל אָוועקנעמען דאָס רעכט פֿון צייטונגען צו דרוקן פֿאַרלוימדונגען קעגן יידישן פֿאָלק און קעגן ראָסן בכלל.

מיט דעם דאָזיקן ביל האָבן די צוויי יידישע דעפּוטאַטן, פּיטער בערקאָוויטש און דזשאָזעף קאָהען געצילט קעגן געבן אַ ווידערשטאַנד צו די צוויי וואָכנבלעטער „מירואַר" און „גאַגליו", וועלכע האָבן געהאַט אָנגעפֿירט אַ דינאַמישן קאַמפּיין קעגן דער יידישער געמיינדע. די אַרויסגעבער פֿון די דאָזיקע צייטונגען, אַדריען אַרקאַן און זשאָזעף מענאַרד, זיינען געווען די אָנפֿירער פֿון דער נאַצישער באַוועגונג אין דער קוויבעקער פּראָווינץ און זייערע איינפֿלוסן האָבן זיך געלאָזט פֿילן אויך אין אַנדערע פּונקטן פֿון קאַנאַדע.

מר. בערקאָוויטש און מר. קאָהען זיינען ווידערדערווײלט געוואָרן צום לעדזשיסלייטשור אין אַ זייער שטורמישן וואַל-קאַמפּיין אין זומער פֿון 1931. אין דעם דאָזיקן קאַמפּיין האָט די אַנטיסעמיטישע אַרקאַן באַוועגונג זיך אַריינגעוואָרפֿן מיט אַלע כוחות און געשאָטן פּעך און שוועבל ניט בלויז אויף די יידישע קאַנדידאַטן, נאָר אויך אויף פּרעמיער טאַשעראָ און אויף אַנדערע פֿירער פֿון דער ליבעראַלער פּאַרטיי, הלמאַי זיי האָבן דערלאָזט, אַז דורך זייער פּאַרטיי זאָלן פֿאָרשטייער פֿון דער יידישע געמיינדע קאָנען אַריינגיין אין לעדזשיסלייטשור.

ווען די צוויי יידישע פֿאָרשטייער זיינען דערווײלט געוואָרן מיט גרויסע מאַיאָריטעטן, איז געווען אַ גרויסע שמחה אין דער יידישער געמיינדע. אין דעם אָוונט ווען די רעזולטאַטן זיינען אַנאָנסירט געוואָרן, האָט אַ גרויסע מאַסע פֿון טויזנטער יידן זיך פֿאַרזאַמלט אין פֿראַנט פֿון דעם „קענעדער אָדלער" און מאַניפֿעסטירט זייער פֿרייד. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון צופֿרידנקייט ניט בלויז דערפֿאַר וואָס צוויי יידן זיינען אַריין אין לעדזשיסלייטשור, נאָר איבערדעם וואָס דער אַנטיסעמיטישער קאַמפּיין האָט ניט געווירקט אויף די מערסטע קאַנאַדיש-פֿראַנצויזישע וויילער.

עטלעכע טעג נאָך די וואַלן האָט אַנרי בוראַסאַ, רעדאַקטאָר פון „לע דעוואואַר", אינטעלעקטועלער פירער פון קאַנאַדיש-פראַנצויזישן נאַציאָ־נאַליזם, געשריבן אַן עדיטאָריעל אין זיין צייטונג אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט אַ סך צופרידנקייט דערמיט וואָס דער אַנטיסעמיטישער קאַמפּיין, וואָס איז געשטיצט געוואָרן פון געוויסע קאָנסערוואַטיווע פירער, האָט ניט געווירקט. מר. בוראַסאַ האָט אין יענעם עדיטאָריעל געלויבט די שטעלונג פון פּרעמיער טאַשעראָ, אַז היות ווי די דערציאונג פון קינדער ליגט אין הענט פון רעליגיעזע גרופּעס קאָן מען ניט אָפּזאָגן יידישע עלטערן דאָס רעכט צו האָבן אַ קאָנטראָל איבער דער דערציאונג פון זייערע קינדער, אַז עס זאָל זיין אין גייסט פון יידישן גלויבן.

דער אַרויסטריט פון מר. בוראַסאַ קעגן די אַנטיסעמיטן איז געווען זייער וויכטיק. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער קאַנאַדיש־פראַנצויזישער אינטעליגענץ. אין גאַנצן לאַנד איז ער געווען באַוואוסט אַלס פירער פון קאַנאַדיש-פראַנצויזישע נאַציאָנאַליסטן. זיין נאָמען איז געווען גוט באַוואוסט אין אַלע טיילן פון קאַנאַדע, און אומעטום האָט מען אים שטאַרק רעספּעקטירט, אַפילו אין די קרייזן וואו מען האָט ניט איינגעשטימט מיט זיינע פּאָליטישע האַנדלונגען.

מר. בערקאָוויטש און מר. קאָהען האָבן נאָך זייער דערוויילונג געפילט, אַז עס איז זייער פליכט צו פאָדערן פון לעדזשיסלייטשור געזעצגעבונג צו פאַרבאָטן דרוקן פאַרלוימדונגען קעגן אַ ראַסע אָדער רעליגיעזע גרופּע. עס איז צוליב דעם אַריינגעבראַכט געוואָרן דער „בערקאָוויטש־ביל", וועלכער איז דעבאַטירט געוואָרן, ווי געזאָגט, אין פעברואַר 1932.

דער ביל איז ניט דורכגעגאַנגען. אין לעדזשיסלייטשור האָט מען זיך באַנוגנט בלויז מיט אַ רעזאָלוציע צו פאַרדאַמען אַנטיסעמיטישע פּראָ־פּאַגאַנדע, אָבער ניט צו פאַרבאָטן. די קעגנער האָבן אַרגומענטירט, אַז דאָס וועט באַשרענקן די פרייהייטן פון דער פּרעסע.

אָבער כאָטש דער ביל איז ניט דורכגעגאַנגען, איז אָבער געווען וויכטיק די דעבאַטע און די פאַרהאַנדלונגען אַרום דעם ביל. עס האָט געגעבן אַ געלעגנהייט די צוויי יידישע דעפּוטאַטן צו האַלטן רעדעס פון אַ היסטאָרישן כאַראַקטער, וועלכע האָבן געצויגן פיל אויפמערקזאַמקייט אין גאַנצן לאַנד.

מר. בערקאָוויטש האָט אין זיין רעדע געוואָרנט, אַז די אַנטיסעמי־טישע באַוועגונג איז געצילט ניט בלויז קעגן יידן, אַז איר ענדציל איז אונטערצוגראָבן דעם באַזיס פון דעמאָקראַטישן לעבנס שטייגער אין קאַנאַדע.

די יידישע באַפעלקערונג, האָט ער אָנגעוויזן, ווערט געשטעלט אין אַ זייער געפערלעכע לאַגע דורך די העצעס אין דער אַנטיסעמיטישער פּרעסע („גאַגליו" און „מירואַר") אין וועלכע מען רייצט אויף די ניט־

יידן מיט דעם בלבול, אז דער תלמוד דערלויבט יידן צו מאָרדן קריסטן און אונטערציינן קריסטלעכע הייזער. כדי אָפּצושטעלן אָט די געפערלעכע העצעס, האָט מר. בערקאָוויטש געזאָגט, איז נויטיק צו שאַפן אַ געזעץ וואָס זאָל באַשיצן אַ פאָלק פון פאַרלוימדונג, פונקט ווי עס איז פאַראַן אַ געזעץ וואָס באַשיצט דעם יחיד.

מר. דזשאָזעף קאָהען האָט זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף די אַטאַקעס און בלבולים, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אויפן תלמוד אין די אַנטי-סעמיטישע בלעטלעך, אַנגעוויזן די פאַלשקייטן מיט וועלכע די אַנטי-סעמיטן באַנוצן זיך, כדי צו פאַרשעמען די יידן און זיי דערנידעריקן אין די אויגן פון זייערע קריסטלעכע שכנים.

מר . קאָהען האָט זיין רעדע אָנגעהויבן מיט פאָלגנדן דראַמאַטישן שטעל:

„אין דעם יאָר 1832, פונקט 100 יאָר צוריק, האָט מען אין דער לעגיסלאַטור, מיט 25 יאָר פריער איידער דאָס איז געטאָן געוואָרן אין ענגלאַנד, אָנגענומען אַ געזעץ וואָס גיט גלייכע רעכט צו אַלע בירגער פון יידישן גלויבן. דער ביל איז אַריינגעבראַכט געוואָרן פון דעם אומשטערבלעכן פּאַטריאָט זשאָזעף פּאַפּינאָ, וועמענס ליבשאַפט צו זיינע אייגענע מענטשן האָט אים ניט פאַרבלענדעט צו זיין אומגערעכט צו אַנדערע, אפילו צו די פּשוט'ע געציילטע אידן, וועלכע זיינען געווען אַזוי ווייניק אין יענער צייט. זיין ליבשאַפט פאַר פרייהייט האָט אָפּגעווישט אַלע פאָראורטיילן און רעליגיעזע אונטערשיידן וואָס האָט הונדערטע יאָרן באַווירקט אַנטיסעמיטישע אַרגומענטן. אין אָט דער לעגיסלאַטור האָבן די צוהערער צו פּאַפּינאָ'ס אויפריכטיקע שטימע אָנגענומען דעם געזעץ און דערמיט אַרויסגערוקט די קוויבעקער פּראָווינץ אין פאָדערגרונט פון די פאַרגעשריטענע שטאַטן פון דער וועלט און געשטעמפּלט די פראַנצויזישע קאַנאַדער ווי אַ פרייהייטס-ליבנדיקן פאָלק.

„מיט 100 יאָר שפּעטער, אין 1932, שטייען די אידן פון קוויבעק, אין דענם זעלביקן לעדזשיסלייטשור, צו בעטן די אָפּשטאַמענדיקע פון לואיס זשאָזעף פּאַפּינאָ, צו באַשיצן זיי אין גייסט פון אָט די רעכט וואָס איז זיי באַוויליקט געוואָרן מיט 100 יאָר צוריק, צו באַשיצן זיי פון אַ באַוועגונג וואָס צילט צו שפּאַלטן די גאַנצקייט פון פאָלק, אויפצורייצן איין טייל פון דער באַפעלקערונג קעגן דער צווייטער, צו פאַרניכטן די רעכט און פרייהייטן פון מינאָריטעטן".

די רעדעס פון מר. בערקאָוויטש און מר. קאָהען זיינען שטאַרק געלויבט געוואָרן. מען האָט זיי געדרוקט זייער פּראָמינענט אין דער ניט-יידישער פּרעסע. אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעשוואַכט די טעטיקייטן פון די אַנטיסעמיטישע גרופּעס. די לעצטע זיינען דערמוטיקט געוואָרן פון דעם פאַקט, וואָס די לעדזשיסלייטשור האָט ניט אָנגענומען דעם בערקאָוויטש ביל. זייער אַקטיוויטעט איז באַדייטנד פאַרשטאַרקט געוואָרן.

# צווישן ליבעראַלע זשורנאַליסטן

**די ראָליע פון „לע קאַנאַדאַ" אין דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזים. — די באַגעגענישן מיט אָליווער אסעלען און עדמאַן טורקאַט. — מיספאַרשטענדינישן וועגן ציוניזם אין ליבעראַלע קרייזן.**

די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער אַרקאַן-גרופע האָט פאַר אַ געווויסער צייט ניט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד מצד קאַנאַדיש-פראַנצויזישע זשורנאַליסטן. עס האָט אויסגעקוקט, אַז מען האָט נישט קיין חשק צו פאַרטשעפען זיך מיט אַרקאַנען און זיינע פריינט.

אָבער ענדלעך איז דער ווידערשטאַנד געקומען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אין דער מאָרגן-צייטונג „לע קאַנאַדאַ". די דאָזיקע צייטונג איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער ליבעראַלער פאַרטיי.

עס איז געווען אין דעם יאָר 1933, ווען היטלער איז געוואָרן דער קאַנצלער פון דייטשלאַנד. אין דעם אַרקאַן-זשורנאַל „לע מירואר" איז שוין היטלער געווען ווי אַן אייגענער מענטש. דאָס זעלבע איז אויך געווען יאָזעף געבעלס און אַלפרעד ראָזענבערג, היטלערס „פילאָזאָפן" און „אינטעלעקטואַלן". אָבער מער פון אַלע נאַציס פלעגט יוליוס שטרייכער זיין אָנגעזען אין אַרקאַנס צייטונג. פון שטרייכערס זשורנאַל „דער שטירמער" פלעגט מען איבערדרוקן די ריכטיקע מאַטעריאַלן וועגן „זקני ציון", וועגן תלמוד, וועגן כל נדרי, און אַזוי ווייטער.

אין יענער צייט איז דער רעדאַקטאָר פון „לע קאַנאַדאַ" אַרויסגעקומען מיט אַ שאַרפן עדיטאָריעל צו פאַרדאַמען היטלערס פריינט און אָנהענגער אין קוויבעקער פראָווינץ. ער האָט זיי באַצייכנט אַלס ליגנער, דעמאַגאָגן און רעקעטירער.

דער דאָזיקער עדיטאָריעל האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. עטלעכע טעג פריער, איידער דער דאָזיקער עדיטאָריעל איז דערשינען, האָט מיר אַ מיטאַרבעטער פון „לע קאַנאַדאַ", עדמאַן טורקאַט, געזאָגט, אַז אַזאַ אַרטיקל וועט דערשיינען. איך פלעג אָפט באַגעגענען מר. טורקאַט אין געריכט. ער פלעגט דאָרט קומען באַשרייבן פּראָצעסן. איך בין דאַן געווען אויך אַ געריכטס-רעפּאָרטער פאַרן „קענעדער אדלער".

ווען דער דאָזיקער עדיטאָריעל איז דעשינען ,איז ער באַלד איבערזעצט געוואָרן אין יידיש און איז דערשינען אין „קענעדער אדלער". פאַר דער יידישער געמיינדע איז עס געווען אַ וויכטיקע געשעעניש. דער רעדאַקטאָר פון „אדלער", ישראל ראַבינאָוויטש, האָט באַלד אָנגעשריבן אַ וואַרעמען

אַרטיקל צו גראַטולירן מר. אַסעלען, פאַר זיין מוטיקן אַרויסטריט קעגן די קוויבעקער פריינט פון היטלעריזם. ראַבינאָוויטשס אַרטיקל איז איבער־זעצט געוואָרן אין ענגליש. איך האָב עס געבראַכט צו מר. אַסעלען צו ווייזן, אַז אין דער יידישער צייטונג איז זיין עדיטאָריעל שטאַרק אָנגעלייגט. מר. אַסעלען איז געווען זייער צופרידן וואָס זיינער אַן עדיטאָריעל איז דערשינען אין דער יידישער שפּראַך. צווישן זיינע פריינט, האָט ער געזאָגט, איז פאַראַן אַ גייסטלעכער וואָס קאָן לייענען העבּרעאיש. פּיליכט וועט ער אויך קענען לייענען דעם עדיטאָריעל אין יידיש.

נאָכער זיינען דערשינען נאָך אַרטיקלען און עדיטאָריעלס אין דער „לע קאַנאַדאַ" קעגן די קוויבעקער פאַשיסטן, געשריבן פון מר. אַסעלען און פון מר. טורקאָט. כמעט יעדער אַרטיקל איז איבערזעצט געוואָרן אין „קענעדער אדלער". עס האָט זיך אַזוי אַרום אַנטוויקלט נאָענטע באַצי־אונגען צווישן ביידע צייטונגען. מר. אַסעלען פלעגט פון צייט צו צייט רעדן טעלעפאָניש צו מר. ראַבינאָוויטש, וועגן מעטאָדן צו באַקעמפן אַנטי־יידישע העצעס אין קאַנאַדע און אומעטום.

אין יענער צייט איז ה. מ. קייזערמאַן, סעקרעטאַר פון יידישן קאָנגרעס, געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט צו איינשטעלן קאָנטאַקטן מיט קאַנאַדיש־פראַנצויזישע קרייזן. זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט אין די נישט־יידישע צייטונגען אַלס פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע. מר. אַסעלען האָט איינמאָל אויסגעדריקט דעם ווילן צו באַגעגענען זיך מיט אים, און דורכריידן זיך וועגן מעטאָדן צו באַקעמפן אַנטיסעמיטיזם אין קוויבעקער פּראָווינץ.

אַ געוויסן פרייטיק נאָכמיטאָג בין איך און קייזערמאַן געקומען אין זיין אָפיס. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ לענגערער געשפּרעך.

קייזערמאַן האָט געבראַכט בּראָשורן קעגן נאַציזם, וועלכע ווייזן, אַז היטלער און זיינע אָנהענגער זיינען איינפאַכע גענגסטערס און באַנדיטן.

אַסעלען האָט געזאָגט, אַז די דאָזיקע מאַטעריאַלן ענטפערן נישט אויף אַ פראַגע וואָס מאַטערט זיין מוח. עס איז די פראַגע: ווי קומט עס וואָס דאָס דייטשע פאָלק, וואָס האָט אַזעלכע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אייראָפּעאישער קולטור און ציוויליזאַציע, זאָל האַנדלען אַזוי ברוטאַל קעגן יידישן פאָלק. קאָן מען זאָגן, אַז עס איז נישטאָ טאָקע קיין שום אורזאַך?

אַסעלען אַליין האָט געגעבן אַן ענטפער. אומעטום, האָט ער געזאָגט, זיינען יידן שוואַך אין צייט פון אַ קריזיס. אַפילו די שטאַרקע יידן ווערן אויך זייער שוואַך. אַזוי איז געווען אין פראַנקרייך, אין צייט פון דרייפוס. אַזוי אויך אין דייטשלאַנד — איצט. אויף די שוואַכע לאָזט מען אויס דעם צאָרן און די ביטערניש אין צייט פון קריזיס.

קייזערמאַן האָט איינגעשטימט. יידישע שוואַכקייט איז אַ היסטאָרישע אורזאַך פון אַנטיסעמיטיזם. דערפאַר געהערט ער צו דער ריכטונג אין

יידישן לעבן, וואָס גלויבט אין ציוניזם. אַ יידישער שטאַט אין ארץ ישראל וועט עלימינירן יידישע שוואַכקייט און לאַנדלאָזיקייט.

דער געשפּרעך איז אַריבער צו ציוניזם. אַסעלען האָט געזאָגט, אַז וועגן ציוניזם ווייסט ער נישט קיין סך. ער ווייסט בלויז דאָס, וואָס ער האָט געהערט. רייכע ציוניסטן קויפן אויס דעם באָדן פון אַראַבער אין פּאַלעסטינע און די אַראַבער ווערן צוליב דעם אָרעם און הילפלאָז. דעריבער האָט ענגלאַנד חרטה אויף דער באַלפור-דעקלאַראַציע. איז עס אמת?

אַבסאָלוט פאַלש! — האָט קייזערמאַן אויסגערופן. אַסעלען האָט געזאָגט, אַז ער איז נייגעריק צו וויסן די אמתע פאַקטן.

אַסעלען האָט אַרויסגענומען פון אַ טישקעסטל אַ זשורנאַל, וואָס דרוקט זיך אין פראַנקרייך. דאָרט איז געווען אַן אַרטיקל וועגן ציוניזם. די יידן, ווערט געזאָגט אין דעם אַרטיקל, זיינען אַ גרויסע געפאַר פאַר די אַראַבער, וועלכע זיינען הינטערשטעליק לגבי די פּעאיקע יידישע סוחרים און פינאַנסיערן; יידן ווילן אין אַ קורצער צייט פאַרוואַנדלען ישראל אין אַ לאַנד פון גרויס קאָמערץ און אינדוסטריע און פאַרוואַנדלען די אַראַבער אין ביליקע אַרבעטס-הענט און שקלאַפן.

קייזערמאַן האָט געזאָגט: אַלץ וואָס עס ווערט געזאָגט אין דעם דאָזיקן אַרטיקל איז דורכאויס פאַלש.

קייזערמאַן האָט דאַן גערעדט וועגן חלוציזם און יידישע אַרבעטער וועלכע בויען ארץ ישראל. זיי קעמפן מיט אַלע כוחות נישט קעגן אַראַבער, נאָר קעגן ווילדעניש און זומפּן פון אַ פאַרלאָזט לאַנד. די חלוצים און די אַרבעטער זיינען די אידעאַלסטע און עטישסטע מענטשן וועלכע דאָס יידישע פאָלק פאַרמאָגט.

די ציוניסטישע באַוועגונג, האָט קייזערמאַן ווייטער גערעדט, איז געשאַפן געוואָרן פון דענקער, פילאָזאָפן און אינטעלעקטואַלן. נאָך מיט צענדליקער יאָרן פריער פאַר היטלערן, האָבן זיי געפילט, אַז יידישע שוואַכקייט און היימלאָזיקייט מוז פירן צו פּאָגראָמען, רדיפות און שחיטות אין צייטן פון אינטערנאַציאָנאַלע קריזיסן. די אַראַבישע מאַסן וועלן זיכער בענעפיטירן פון אַלע שטאַנדפּונקטן ווען ארץ ישראל וועט אויפגעבויט ווערן מיט יידישע כוחות, פינאַנציעלע און מאָראַלישע. זייער נידעריקער לעבנס-שטייגער וועט זיך זיכער הייבן ווען זיי וועלן קאָאָפּערירן מיט די יידן, אַנשטאָט צו שטערן.

אַסעלען האָט צוגעגעבן, אַז דאָס וואָס ער האָט געהערט איצט וועגן ציוניזם איז פיל אַנדערש ווי ער האָט געהאַט געמיינט. ער האָט באַדאַנקט פאַר דער אויפקלערונג וואָס קייזערמאַן האָט אים געגעבן.

# די שאַפונג פון צווייטן יידישן קאָנגרעס

**ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. — דער באָיקאָט קעגן דייטשע סחורות. — די אויפלעבונג פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס און זיינע הויפט אויפגאַבן אין דעם היטלער פעריאָד.**

אין מערץ 1933 האָבן די נאַצים געקראָגן די מאַכט אין דייטשלאַנד. אַדאָלף היטלער איז געוואָרן קאַנצלער אונטער פרעזידענט הינדענבורג. דאָס איז פאָרגעקומען אויף אַ „לעגאַלן" אופן, אַ דאַנק די וואַלן אַ יאָר פריער, אין וועלכע די נאַצים זיינען געוואָרן די גרעסטע פאַרטיי אין רייכס־טאַג. אַ וואָך אָדער צוויי שפּעטער האָבן די נאַצים אָנגעהויבן אַ מורא־דיקן טעראָר קעגן די יידן אין דייטשלאַנד.

אין אַלע יידישע געמיינדעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע האָט געהערשט אַ שטימונג פון צער און טרויער. עס איז אויך געווען אַ געפיל פון אומזיכערקייט. אין געוויסע קרייזן האָט מען געמיינט ,אַז דאָס איז דער אָנהויב פון דעמאָקראַטישער ירידה אין אַלע טיילן פון דער וועלט.

יידישע געשעפטסלייט פון די שטאַטן און קאַנאַדע זיינען גערופן געוואָרן צו באָיקאָטירן אַלע סחורות וועלכע קומען פון דייטשלאַנד.

אין מאָנטרעאַל האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט צו דירעקטירן דעם באָיקאָט קעגן דייטשע פּראָדוקטן, אויך צו אָרגאַניזירן אַ שטורעמדיקע פּראָטעסט באַוועגונג אויפצורודערן די עפנטלעכע מיינונג אין לאַנד.

אין געוויסע ניט־יידישע קרייזן האָט מען אָנגעהויבן איינזען, אַז די נאַצים זיינען אַ געפאַר ניט בלויז פאַר יידן, נאָר אויך פאַר קריסטלעכע פעלקער פון אייראָפּע. אָבער אין אַנדערע קרייזן האָט מען אָנגענומען, אַז די נאַצים זיינען אויסן בלויז צו רודפן יידן און קאָמוניסטן. די נאַצים האָבן אין זייער פּראָפּאַגאַנדע געמאַכט צו גלויבן, אַז זייערע הויפּט־שונאים זיינען די סאָוועטן און דאָס יידישע פאָלק, אַז מיט אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלן זיי קאָנען דורכקומען.

אין מאָנטרעאַל איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג אין אַפּריל 1933, עטלעכע וואָכן נאָכדעם ווי די נאַצים האָבן איבערגענומען די מאַכט אין דייטשלאַנד. ביי דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג, אין היז־מאַ־דזשעסטיס טעאַטער, זיינען אויפגעטראָטן פּראָמינענטע קריסטן. דער מעיאָר פון מאָנטרעאַל, פערנאַן ריינפרעט, אַ באַוואוסטער ליבעראַלער און געבילדעטער מענטש, איז געווען פאָרזיצער. עס איז אויפגעטראָטן בישאָפּ פאַרטינג, הויפּט פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע, און ראַול דאַנדוראַן, אַ באַנקיר און דיפּלאָמאַט־שטאַטסמאַן.

די דאזיקע פארזאמלונג האט געצויגן פיל אויפמערקזאמקייט. סענאטאר דאנדוראן איז געווען קאנאדעס פארשטייער אין דעם „פעלקער־בונד” און איז געווען גוט אריענטירט אין דער פאליטישער וועלט־לאגע פון יענער צייט. אין זיין רעדע האט ער געשילדערט די פאליטישע און עקאנאמישע אומשטענדן, וועלכע האבן פאראורזאכט, אז די נאצישע כוחות זאלן קומען צו דער מאכט. ער האט אויסגעדריקט טענות צו די גרעסערע מערב־מלוכות הלמאי זיי האבן ניט באהאנדלט מער ליבעראל די רעגירונגען אין דייטשלאנד, וועלכע זיינען געווען טריי צו דער ווייִמאר־קאנסטיטוציע. ווען זיי טוען עס, האט ער באטאנט, וואלטן די נאצים אין דייטשלאנד און די פאשיסטן אין איטאליע קיינמאל ניט געקומען צו דער מאכט.

באלד נאך דער דאזיקער פארזאמלונג האט זיך אין מאנטרעאל געשאפן א נייע אנטיסעמיטישע ארגאניזאציע אונטערן נאמען „לע זשען קאנאדע” (די יוגנט פון קאנאדע). די דאזיקע נייע ארגאניזאציע האט גערופן א גרויסע פארזאמלונג, און דארט האט מען אטאקירט דעם מעיאר פון דער שטאט, און מר. דאנדוראן, הלמאי זיי האבן זיך איינגעשטעלט פאר די דייטשע יידן ביי דער פארזאמלונג אין היז־מאדזשעסטיס טעאטער.

צו אט דער ארגאניזאציע האבן זיך אנגעשלאסן יונגע סטודענטן און פראפעסיאנאלן. אבער עס זיינען געווען אנדערע גרופעס, וועלכע האבן פארדאמט דעם בארבאריזם און אכזריות פון די נאצים. אין דער יידישער געמיינדע האט מען אנגעהויבן פילן, אז אין דעם קאמף קעגן נאציזם זיינען יידן ניט אליין.

די עפנטלעכע מיינונג אין קאנאדע, ווי אויך אין די פאראייניקטע שטאטן, איז דאן געווען געוואלדיק געשפאנט איבער די געפארן פון נאציזם. אומעטום האבן זיך באוויזן פארשיידענע נאצישע גרופעס. אין די פאראייניקטע שטאטן זיינען אזעלכע גרופעס געווען צעשפרייט איבערן גאנצן לאנד, אונטער פארשיידענע נעמען. אייניקע פון זייערע פירער פלעגן דערשיינען אפט אין די טעגלעכע נייעס פון די צייטונגען. זייער פראמינענט איז דאן געווען דער גייסטלעכער, רעוו. „פאטער” קאגלין, פון דעטראיט. עס איז אויך געווען גוט באוואוסט פריץ קוהן, אנפירער פון דער ארגאניזאציע „בונד”, וועלכע איז געווען צוזאמענגעשטעלט פון דייטש־אפשטאמענדיקע אמעריקאנער. סיי אין די שטאטן, סיי אין קאנאדע זיינען די אפיציעלע פארשטייער פון דייטשלאנד, די דייטשע אמבאסאדעס און קאנסולאטן, געווען צענטערס פון נאצישער אנטיסעמיטישער פראפאגאנדע.

פון דער אנדער זייט האבן זיך ארגאניזירט באדייטנדיקע גרופעס פון אנטי־פאשיסטן, וועלכע האבן אנגעפירט א דינאמישן קאמפיין — דורך אויפקלערונג, נאטירלעך — קעגן די נאצים. צו די דאזיקע גרופעס זיינען צוגעשטאנען וויכטיקע קרייזן פון סטודענטן, פראפעסארן, זשורנאליסטן, קינסטלער, און בכלל די בעסטע אינטעליגענץ פון די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע. די ארגאניזירטע טרעיד־יוניאן באוועגונג האט די גאנצע צייט

זיך אידענטיפיצירט מיט דעם אַנטי־נאַצישן קאַמף. די פירער פון די טרעיד־יוניאָנס אין די שטאַטן און קאַנאַדע האָבן פּראָקלאַמירט עפנטלעך, אַז די נאַצים און פאַשיסטן זיינען בלוטיקע שונאים פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. אין קאַנאַדע האָט דער „קאַנאַדער טרעידס ענד לייבאָר קאָנגרעס" ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן אין יענעם פּעריאָד געפאָדערט, אַז די קאַנאַדער טויערן זאָלן זיך ברייט עפענען פאַר אַלע יידישע קרבנות פון דעם נאַצי־רעזשים. דאָס איז געווען אין אַ צייט ווען פון אַ גרעסערע צאָל גרופּעס איז געקומען דער פאַרלאַנג, אַז קאַנאַדע זאָל ניט אַריינלאָזן אימיגראַנטן פון אייראָפּע.

אין פרילינג פון 1933, נאָך דער גרויסער פאַרזאַמלונג אין היז מאַדזשעסטיס טעאַטער, האָט זיך פאַרשטאַרקט די באַוועגונג אויפצולעבן דעם קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס. מען האָט איינגעזען אַז דעם קאַמף קעגן נאַציזם מוז מען פירן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, אַז מען דאַרף אויך זיין גרייט צו זאַמלען גרויסע פאָנדן, כדי צו קאָנען העלפן די דייטשע יידן, וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן לויפן פון דייטשלאַנד, כדי צו ראַטעווען זיך פון בלוטיקן מבול וואָס האָט אויסגעקוקט צו זיין אומפאַרמיידלעך.

אין לויף פון 1933 זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן קאָנפערענצן אין מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ און וויניפּעג צו פּלאַנירן די אויפלעבונג פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס. דאָס מאָל איז קיין קעגנערשאַפט ניט געווען. אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען אין יידישן לעבן זיינען געווען אייניק פאַר דעם ציל פון רעטונג.

די פּלענאַרע סעסיע פון צווייטן קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס האָט זיך דערעפנט אין אָקטאָבער 1934. דאָס איז זיכער געווען אַ וויכטיקע היסטאָרישע געשעעניש. דער וויכטיקסטער פּונקט אויף דער טאָג־אָרדענונג איז, נאַטירלעך, געווען די לאַגע פון די יידן אין דייטשלאַנד. עס זיינען אויך געווען אַנטיסעמיטישע רדיפות אין אַנדערע לענדער — אין פּוילן, אין רומעניע און אונגאַרן. עס האָט אויסגעקוקט, אַז עטלעכע מלוכות האָבן זיך פאַראייניקט צו פאַרניכטן די יידן פון אייראָפּע.

ביי דער צווייטער סעסיע פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס איז ס. וו. דזשייקאָבס דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט. זיין פּאָזיציע אַלס דעפּוטאַט פון פעדעראַלן פּאַרלאַמענט איז דאַן געווען זייער וויכטיק פאַר דעם ציל צו פאַרטיידיקן יידישע רעכט און ווירדע. ה. מ. קייזערמאַן איז דערוויילט געוואָרן סעקרעטאַר.

מיט דער שאַפונג פון צווייטן יידישן קאָנגרעס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער קאַפּיטל פון פאַראייניקטע נאַציאָנאַלע יידישע אַקטיוויטעטן אויף פאַרשיידענע געביטן.

# דאָקטוירים סטרייק קעגן יידן

**אינטערנס אין נאָטר דאַם האָספּיטאַל סטרייקן קעגן אַריינגעמען אַ יידישן דאָקטאָר. — די שוועריקייטן פאַר יידישע דאָקטוירים. — די דערעפענונג פון יידישן האָספּיטאַל.**

אין 1934 זיינען אַלע צייטונגען, די יידישע און די אַלגעמיינע, געווען פול מיט טראַגישע ידיעות וועגן די ברוטאַלע רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד.

ווען מען האָט געלייענט די דאָזיקע ידיעות האָט מען געמוזט ווערן אויפגעשוידערט. עס האָט אויסגעקוקט ווי די דייטשע מענטשן זיינען פון אַ הויכער ציוויליזאַציע אַרונטערגעפאַלן צום טיפן אָפּגרונט פון מיטלאַלטער באַרבאַריזם. פילע מענטשן אין די שטאַטן און אין קאַנאַדע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז דער טראַגישער סוף פון דער אייראָפּעאישער קולטור און ציוויליזאַציע.

עס זיינען געווען די ידיעות ווי מען ברענט ביכער פון יידישע שרייבער און דענקער. אויף אַ פּאַראַדנעם אופן האָט מען געברענט די ביכער פון פּראָפעסאָר איינשטיין, פון עמיל לודוויג, פון לעאָן פויכטוואַנגער און פון פילע אַנדערע ערשטקלאַסיקע שריפטשטעלער, דיכטער, דראַמאַטורגן און וויסנשאַפטלער. מען האָט די דאָזיקע ביכער אויסגעראַמט פון אַלע ביבליאָטעקן אין די דייטשע שטעט און שטעטלעך.

אין יענעם יאָר זיינען די אַנטיסעמיטן אין אַלע לענדער געווען מער אַגרעסיוו, דינאַמיש און דראַסטיש אין זייערע האַנדלונגען. זיי האָבן געטאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך געווען צו מאַניפעסטירן זייער פריינטשאַפט צו די נאַצים און פאַרסמען די לופט דורך נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

אין יענעם יאָר האָט די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג אין דער קוויבעקער פּראָווינץ, אַנגעפירט פון דער אַרקאַן-באַנדע, נאָך מער אויסגעברייטערט איר אַקטיוויטעט און אַריינגעדרונגען טיפער אין פאַרשיידענע קרייזן, אויך אין די קרייזן פון יונגע פּראָפעסיאָנאַלן, לאָיערס און דאָקטוירים.

ביי אַ פּראָצעס אין סופּיריאָר געריכט האָט אַ יונגער לאָיער אויסגעזעצט קעגן אָקצעפּטירן אַ שבועה וואָס איז געגעבן פון אַ יידן. דער לאָיער האָט ציטירט „כל נדרי" און גע'טענה'ט, אַז די דאָזיקע הייליקע תפילה, וואָס יידן זאָגן יום-כפור אָוונט, דערלויבט יידן צו שווערן פאַלש אין אַ פּראָצעס קעגן קריסטן.

ריכטער מעקינאָן האָט די אויסזעצונג צוריקגעוויזן. ער האָט דערביי

קריטיקירט דעם לאַיער פֿאַר נוצן אַן אַנטיסעמיטישן בלבול, וועלכן שונאי ישראל פּלעגן נוצן אין מיטלאַלטער אין זייערע רדיפות אויף די יידישע געמיינדעס.

ווען דער לאַיער האָט געמאַכט די אַטאַקע אויף „כל נדרי" האָט ער געוויזן, אַז ער איז אַ לייענער פֿון אַרקאַנס אַנטיסעמיטישע בלעטלעך, ווייל דאָרטן האָט מען „געפּיטשורט" די דאָזיקע סאָרטן בלבולים אויף יידן.

עס זענען געווען אויך אַנדערע לאַיערס וועלכע פּלעגן ביי פֿאַרשידענע געלעגנהייטן מאַניפֿעסטירן זייער שנאה צו יידן און צופֿרידנהייט מיט די היטלעריסטישע ברוטאַליטעטן קעגן יידישע געמיינדעס אין דייטשלאַנד.

פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט, אין יענעם יאָר, האָט געצויגן דער אַנטיסעמיטישער סטרייק פֿון יונגע דאָקטוירים („אינטערנס") אין נאָטר דאַם האָספּיטאַל.

דער סטרייק האָט אויסגעבראָכן איבער דעם וואָס אַ יונגער יידישער דאָקטאָר איז אַריינגענומען געוואָרן אין האָספּיטאַל פֿאַר אַן „אינטערן". פֿון די אַנדערע „אינטערנים" איז געקומען דער פֿאַרלאַנג, אַז מען זאָל אים אַרויסשיקן. ווען די אַדמיניסטראַציע האָט אָפּגעזאָגט דעם דאָזיקן פֿאַרלאַנג זיינען די יונגע דאָקטוירים אַרוים אין סטרייק.

די סטרייקערס האָבן מאַרשירט אין פֿראָנט פֿון האָספּיטאַל און געהיט, אַז עס זאָלן נישט זיין קיין „סטרייק-ברעכער".

דער דאָזיקער סטרייק האָט אויפֿגערודערט די עפֿנטלעכע מיינונג. פֿון אַלע זייטן האָט מען פֿאַרדאַמט די סטרייקערס. די ידיעה פֿון סטרייק איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע טיילן פֿון לאַנד און אויך אין די שטאַטן. דר. ראַבינאָוויטש, צוליב וועמען דער סטרייק איז גערופֿן געוואָרן, האָט געקראָגן אָנבאָטן פֿון פֿאַרשיידענע אַמעריקאַנער און קאַנאַדער שפּיטאָלן ער זאָל דאָרט קומען זיין אַן „אינטערן". אין דער געמיינדע איז אָנגעגאַנגען אַ דעבאַטע אויב ער זאָל רעזיגנירן פֿון נאָטר דאַם האָספּיטאַל, אָדער ער זאָל בלייבן. עס איז געווען אַ מיינונג, אַז למען השלום זאָל ער זיך צוריק-ציען; אַז דערמיט וועט ער פֿאַרמיידן אומאַנגענעמלעכקייטן צו דער פֿאַרוואַלטונג פֿון האָספּיטאַל. אַ צווייטע מיינונג איז געווען, אַז ער זאָל דאָרט בלייבן, כדי נישט צו דערמוטיקן די אַנטיסעמיטישע באַנדעס אין זייער קאַמף קעגן דער יידישער באַפֿעלקערונג.

עס זענען אויך געווען קריסטן וועלכע האָבן געזאָגט, אַז דער יידישער דאָקטאָר זאָל נישט רעזיגנירן, כדי נישט צו באַפֿרידיקן די אַנטיסעמיטן.

דר. ראַבינאָוויטש האָט זיך צוריקגעצויגן. די אַנטיסעמיטן האָבן עס אויסגעטייטשט פֿאַר אַ זיג. אין דער יידישער געמיינדע האָט מען זיך באַפֿרידיקט דערמיט וואָס די קאַנאַדיש-פֿראַנצויזישע עפֿנטלעכע מיינונג, די פּרעסע און באַוואוסטע קוויבעקער פּאָליטישע פֿירער, און אַ גרויסער טייל פֿון דער אינטעליגענץ, האָבן פֿאַרדאַמט די סטרייקערס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער סטרייק איז אויפֿגעהעצט געוואָרן פֿון אייניקע

געציילטע בחורים, וועלכע זיינען באווירקט געוואָרן פון דער שטאַרקער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן אין יענער צייט.

* * *

אין פאַרבינדונג דערמיט איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז אין יענער צייט איז בכלל געווען זייער שווער פאַר יידישע יונגע מעדיקער צו קריגן אַן „אינטערן״ שטעלע אין אַ מאָנטרעאַלער האָספּיטאַל. מען פלעגט אַריינגעמען זייער ווייניק. פילע יידישע גראַדואירטע האָבן געמוזט צוליב דעם פאַרלאָזן מאָנטרעאַל צו זוכן שטעלעס אין די שטאַטן. דאָרט איז געווען פיל גרינגער צו קריגן אַ פּאָזיציע אין אַ האָספּיטאַל. די לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן פאַרבעסערן אין 1934. אין דעם דאָזיקן יאָר האָט זיך אין מאָנטרעאַל דערעפנט דער אידישער האָספּיטאַל.

דער אויפבוי פון אידישן האָספּיטאַל איז געווען אַ גרויסע געשעעניש אין דער יידישער געמיינדע. דער דאָזיקער הייל־אַנשטאַלט איז געווען דרינגענד נויטיק, ניט בלויז פאַר יידישע פּאַציענטן, נאָר אויך פאַר יידישע מעדיקער, יונגע און עלטערע, וועלכע האָבן זיך געגויטיקט אין אַזאַ הייל־אינסטיטוציע, וואו זיי זאָלן זיך פילן ווי אייגענע און ניט ווי איינגעבעטענע.

די באַוועגונג צו בויען אַ יידישן האָספּיטאַל אין מאָנטרעאַל האָט זיך אָנגעהויבן אין 1928 אַ דאַנק דער איניציאַטיווע פון אַ גרופּע „דאַון־טאַונער״ יידן, מיט דער אַקטיווער הילף פון הערש וואָלאָפסקי און דעם „קענעדער אַדלער״. יענער יאָר איז געווען אַ יאָר פון פּראָספּעריטי און עס האָט אויסגעקוקט, אַז עס וועלן ניט זיין קיינע שוועריקייטן צו זאַמלען אַ גרעסערן פאָנד וואָס איז דערצו געווען נויטיק. אָבער אין 1929 איז פאָרגעקומען דער היסטאָרישער קראַך אויף די סטאַק־מאַרקעטס, וואָס האָט פאַראורזאַכט אַ זייער קריטישע דעפּרעסיע. עס איז געוואָרן שווער צו זאַמלען די נויטיקע סומע. עס איז געווען אַן ערנסטע מניעה, וואָס איז אָבער שפּעטער באַזייטיקט געוואָרן אַ דאַנק די בראָנפמאַן־ברידער, וועלכע האָבן איבערגענומען די פירערשאַפט פון אַ גרעסערן פינאַנציעלן קאַמפּיין. אין דער שפּיץ פון דער האָספּיטאַל בוי־אַקציע האָט זיך געשטעלט מר. אַלאַן בראָנפמאַן און דער דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג איז געוואָרן פאַרזיכערט. אַ לאַנגע צייט איז מר. אַלאַן בראָנפמאַן געווען פּרעזידענט פון דער אינסטיטוציע. אונטער זיין אַדמיניסטראַציע האָט דער האָספּיטאַל זיך אַנטוויקלט צו זיין איינער פון די מאָדערנסטע הייל־אַנשטאַלטן אין מאָנטרעאַל.

# קאטוילישע סינדיקאטן און „יידישע" יוניאנס

**דער קאמף פון די קאטוילישע סינדיקאטן קעגן די „יידישע" נאדל פאך יוניאנס. — דער קריזיס אין די באקליידונג-ארבעטער יוניאנס. — דער דראמאטישער סטרייק פון דרעסמאכער.**

אין דעם טומלדיקן פעריאד פון די דרייסיקער יארן, ווען די פראקציאנעלע קאמפן האבן אפגעשוואכט די נאדל-פאך יוניאנס, האבן די קאטוילישע סינדיקאטן זיך שטארק באמיט אריינצודרינגען אין די באקליידונגס-אינדוסטריעס. עס איז געווען זייער ציל ארויסצושטויסן פון דארט די צוויי גרעסערע יוניאנס די „אמאלגאמייטעד" און די אינטערנאשיאנאל.

די פירער פון די קאטוילישע סינדיקאטן זיינען ארויס מיט אטאקעס אויף די נאדל-פאך יוניאנס, אז זיי ווערן געפירט פון קאמוניסטן און דעריבער זיינען זיי שעדלעך פאר דער קאטוילישער פראווינץ. אין דער דאזיקער אגיטאציע זיינען זיי ארויסגעהאלפן געווארן פון די אנטיסעמיטישע בלעטלעך, וועלכע די ארקאן-גרופע אין דער קוויבעקער פראווינץ האט ארויסגעגעבן. זיי האבן איגנארירט דעם פאקט, אז די פירער פון דער אינטערנאשיאנאל און פון דער „אמאלגאמייטעד" האבן דאן געפירט א ביטערן קאמף קעגן די איינפלוסן פון קאמוניזם אין די טרעיד-יוניאנס.

די קאטוילישע סינדיקאטן זיינען דאן געשטאנען אונטער דעם איינפלוס און דירעקציע פון דער קאטוילישער קירך. זייער הויפט ציל איז געווען צו ארגאניזירן קאנאדיש-פראנצויזישע ארבעטער אין רעליגיעזע יוניאנס, כדי זיי זאלן נישט אריינפאלן אין די אינטערנאשיאנאל יוניאנס, וועלכע זיינען אפטיילונגען פון אמעריקאנער יוניאנס. זיי האבן געהאט אויסגעמידן די ארבעטער פון די באקליידונג אינדוסטריעס, נעמענדיק אין אכט, אז זיי זיינען מערסטנס יידישע און עס איז דעריבער ניט זייער טעריטאריע.

אבער אין די דרייסיקער יארן, אונטער דעם איינפלוס פון דער אנטיסעמיטישער באוועגונג האבן זיי געמיינט, אז איצט זיינען פאראן מעגלעכקייטן אונטערצוגראבן די „יידישע" יוניאנס און קריגן א קאנטראל איבער די פילע ארבעטער, וועלכע זיינען באשעפטיקט אין די באקליידונג פאכן. זיי האבן ספעציעל אפעלירט צו קריסטלעכע ארבעטער פון דער דאזיקער אינדוסטריע.

די קאטוילישע סינדיקאטן זיינען ניט ארויסגעקומען מיט דירעקטע אנטי-יידישע לאזונגען. דאס האבן זיי אויסגעמיטן שוין דערפאר אליין

ווייל עס איז געווען נויטיק צו האַנדלען מיט יידישע פֿאַבריקאַנטן. צו די יידישע שאַפּ-אייגנטימער האָבן זיי אָנגעבאָטן קאָנטראַקטן מיט קליינע לוין-סטאַנדאַרדס. זיי האָבן אויך פֿאַרזיכערט, אַז אונטער זייער קאָנט־ראָל וועלן די שניידערס ניט סטרייקן. דאָס איז געווען אַן ערלעכער צוזאָג. אַלע האָבן געוואוסט, אַז די קאַטוילישע סינדיקאַטן זיינען קעגן אַזעלכע קאַמף-מעטאָדן ווי סטרייקס.

אַ צאָל באַלעבאַטים האָט אָנגענומען דעם אָנבאָט פֿון די קאַטוילישע יוניאָנס. זיי האָבן געמיינט, אַז דערמיט וועלן זיי פֿאַרטרייבן פֿון מאָנט־רעאָל די אינטערנאַשיאָנאַל, וועלכע האָט דאַן אָנגעהויבן קומען צו זיך נאָך דעם שווערן קריזיס וואָס זי האָט דורכגעלעבט איבער די אינערלעכע פֿראַקציאָנעלע רייסערייען.

די צוויי גרעסערע יוניאָנס פֿון די נאָדל-פֿאַכן אין מאָנטרעאַל זיינען רואינירט געוואָרן צוליב די דאָזיקע אינערלעכע רייבונגען. די פֿונקציעס פֿון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן זיינען אַ לענגערע צייט געווען סוספּענדירט. עס איז געווען אַן ערנסטער קריזיס פֿאַר די דאָזיקע אַרבעטער. די באַלע־באַטים האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע לאַגע און אַרונטערגעדריקט די אַרבעטסלוינען צו אַ מינימום. אַ גרויסע צאָל פֿון די קלאָוקמאַכער פֿאַ־מיליעס האָט געמוזט אָנקומען צו צדקה.

ביי די שניידערס פֿון מענער-באַקליידונג זיינען געווען אַנדערע צרות. אַ גרופּע שניידערס האָט „רעוואָלטירט" קעגן דער „אַמאַלגאַמיי־טעד" און געשאַפֿן אַן אָפּאָזיציע יוניאָן, אין וועלכער די לינקע זיינען געווען די איניציאַטאָרן און דער טרייב-קראַפֿט.

די נייע שניידער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גערופֿן „די קענעדיען יוניאָן" האָט פֿאַר אַ געוויסער צייט קאָנטראָלירט די אַרבעטער און געקראָגן אַ קאָלעקטיוון אַגרימענט — פֿון די פֿאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן געהאַט פֿאַרגעניגן צו זען די צרות פֿון דער „אַמאַלגאַמייטעד". אָבער די שניידערס זיינען דערנאָך געוואָרן אַנטוישט, צוליב די שלעכטע אַרבעטס באַדינגונגען. זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו זייער אַלטער יוניאָן. די „אַמאַלגאַמייטעד" האָט די גאַנצע צייט פֿונקציאָנירט מיט אַ קליינע צאָל לאָיאַלע מיטגלידער. וועלכע האָבן געצאָלט זייער „דיוס" אפֿילו ווען עס איז געווען נויטיק זיי זאָלן צאָלן „דיוס" אויך צו דער „קענעדיען יוניאָן", כדי זיי זאָלן ניט פֿאַרלירן זייער באַשעפֿטיקונג; די דאָזיקע לאָיאַלע שניידערס זיינען געווען רעכטע סאָציאַליסטן און פּועלי-ציוניסטן. זיי האָבן זיך סאָלידאַריזירט צו באַשיצן די „אַמאַלגאַמייטעד" קעגן דער לינקער יוניאָן.

די געשלאָסענע קלאָוקמאַכער יוניאָן איז אויפֿגעלעבט געוואָרן אַ דאַנק אַ קליינער גרופּע לאָיאַלע מיטגלידער, וועלכע האָט געוואַרט ביז די געלעגנהייט וועט קומען צו עפֿענען צוריק אַן אָפֿיס פֿון דער יוניאָן. אין דער אָנפֿירונג פֿון דער דאָזיקער גרופּע איז געווען אַלבערט איטאָן,

וועלכער האָט אַ לענגערע צייט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער מאָנטרעאָלער אינטערנאַשיאָנאַל און איז געוואָרן דערנאָך אַדמיניסטראַ־טאָר פון דער דזשאָינט קאָמישאָן פון דער קלאָוקס־אינדוסטריע. צו העלפן דער דאָזיקער גרופּע אין אירע באַמיאונגען אויפצולעבן די קלאָוק־מאַכער יוניאָן האָט דער גענעראַל־אָפּיס געשיקט בערנאַרד שעין, וועלכער איז דאַן געווען אַ ספּעציעלער אָרגאַנייזער. אין אַ קורצער צייט האָט מר. שעין, וועלכער איז איצט וויים־פּרעזידענט פון דער אינטערנאַשיאָנאַל רעאָרגאַניזירט די קלאָוקמאַכער, וועלכע זיינען שוין געווען אָפּגעפרעמדט פון דער דאָזיקער יוניאָן.

נאָכדעם ווי עס איז אויפגעלעבט געוואָרן די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט מר. שעין אָנגעהויבן אַן אַקציע צו אָרגאַניזירן די דרעסמאַכער.

דאָס איז געווען אינמיטן פון די דרייסיקער יאָרן. מאָנטרעאָל איז דאַן געווען אַ גרויסער צענטער פון דער דרעס־אינדוסטריע. די מערסטע אַר־בעטאָרינס זיינען געווען פראַנצויזישע מיידלעך און פרויען. זיי זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין מיטגלידער פון אַ יוניאָן.

די „אינטערנאַשיאָנאַל" האָט ניט געהאַט קיין שוועריקייטן צו אָרגאַניזירן די אַרבעטאָרינס. די שוועריקייטן האָבן זיך אָנגעהויבן ווען די פאַבריקאַנטן האָבן זיך אָנטזאָגט צו שליסן אַ קאָלעקטיוון אַגרימענט מיט דער יוניאָן. די „אינטערנאַשיאָנאַל" האָט דאַן פּראָקלאַמירט אַ סטרייק, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סך שפּאַנונג אין דעם מאָנטרעאָלער גאַרמענט־צענטער.

דער דאָזיקער דראַמאַטישער סטרייק האָט געדויערט עטלעכע וואָכן און זיך געענדיקט מיט אַ גרויסן זיג פאַר דער „אינטערנאַשיאָנאַל".

עס איז געווען אין דעם דאָזיקן סטרייק וואו די קאַטוילישע סינדי־קאַטן זיינען אַריינגעקומען כדי ניט צו דערלאָזן, אַז פראַנצויזישע אַר־בעטאָרינס זאָלן גיין אין אַ „יידישער" יוניאָן. דער געשריי איז געווען, אַז די פירער פון רער „אינטערנאַשיאָנאַל" אין ניו יאָרק און אין מאָנט־רעאָל זיינען אָפּענע אָדער פאַרשטעלטע קאָמוניסטן. די פראַנצויזישע אַרבעטער האָבן צוריקגעוויזן די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע. זיי האָבן מאַני־פעסטירט דעמאָנסטראַטיוו זייער לאָיאַליטעט צו דער „אינטערנאַשיאָנאַל", וועלכע האָט צו זיי גערעדט אין נאָמען פון ליבעראַליזם, אינטער־ראַסן סאָלידאַריטעט, קעגן עקספּלואַטאַציע און אַרבעטער־אונטערדריקונג.

די קאַטוילישע סינדיקאַטן זיינען אַ וויכטיקער כוח אין קוויבעקער פּראָווינץ. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיי געמאַכט באַדייטנדיקן פאָרשריט און זיינען ווייט ניט אַזוי צוריקגעשטאַנען ווי זיי זיינען געווען אין די דריי־סיקער יאָרן.

# דער פּראָצעס קעגן אַנטיסעמיטיזם אין אָטאַוואַ

**אַ דעטעקטיוו וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַנטיסעמיטיזם. — ציוניזם און תּלמוד ביים פּראָצעס וואָס איז פאַרפירט געוואָרן פון פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.**

די דינאַמישע אַנטיסעמיטישע באַוועגונג וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן אין קוויבעקער פּראָווינץ פון דער נאַציאָנאַל־קריסטלעכער סאָציאַלער פּאַרטיי, איז אויך אַריבער צו געוויסע פּונקטן אין אָנטעריאָ. עס האָט געקראָגן אַביסל אָנהענגער אויך אין אָטאַוואַ, אין דער הויפּט־שטאָט.

אַ גוט־באַקאַנטער דעטעקטיוו פון דער פּאָליציי האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע צו „אַרויסטרייבן די יידן פון אָטאַוואַ". ער האָט אָנגעפאַנגען מיט אַ קאַמפּיין צו באָיקאָטירן יידישע געשעפטסלייט אין אָטאַוואַ און אומגעגנט.

כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן נאַצישן ציל האָט דער דעטעקטיוו, זשעאַן טיסאָ, זיך באַזאָרגט מיט אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, געקראָגן פון מאָנטרעאַל און פון אַנדערע מקומות און עס פאַרשפּרייט אין דער הויפּט־שטאָט. ער האָט זיך געשאַפן אַ גרופּע וואָס האָט אים געהאָלפן אין אָט דער אַרבעט.

גלייכצייטיק האָט ער זיך געווענדעט צו נישט־יידישע געשעפטסלייט מיטן פאָרלאַנג, אַז זיי זאָלן אים באַזאָרגן מיט פינאַנציעלע מיטלען, כדי ער זאָל קאָנען אָנפירן זיין באָיקאָט־קאַמפּיין קעגן די סטאָרס וועלכע ווערן קאָנטראָלירט פון יידן.

אין זיין באָיקאָט־קאַמפּיין קעגן יידן האָט דעטעקטיוו טיסאָ זיך פאַרמאָסטן קעגן דער גרויסער דעפּאַרטמענט סטאָר פון אַרטשי פרימאַן, וועלכער איז דאַן געווען דער נאַציאָנאַלער פּרעזידענט פון דער קאַנאַדער ציון־אָרגאַניזאַציע.

טיסאָ האָט פאַרשפּרייט אַ ספּעציעלן צירקולאַר קעגן די פרימאַנס, אין וועלכן ער האָט אַטאַקירט פרימאַנען פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע פירער פון קאַנאַדער יידנטום, וועלכער זאַמלט קאַנאַדער געלט און שיקט עס קיין ארץ ישראל. ער האָט גערופן די קריסטן פון אָטאַוואַ און אומגעגנט, אַז זיי זאָלן אויסמיידן די פרימאַן־סטאָר. אין אַ יידישן געשעפט ווערט מען באַהאַנדלט נישט אָרנטלעך, האָט טיסאָ געהעצט. דעם דאָזיקן צירקולאַר האָט ער געשיקט צו קריסטלעכע געשעפטסלייט דערוואַרטנדיק, אַז זיי וועלן אים דערפאַר גוט באַלוינען.

אָבער, דער דאָזיקער צירקולאַר האָט אים קיין גוטס נישט געבראַכט. אין אָטאַווא האָט מען אַזאַ געמיינהייט באַלד אָפּגעשטעלט.

צום אַלעם ערשטן האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן פון דער פּאָליציי־דינסט. נאָכער האָט מען אים אָנגעקלאָגט אין געריכט. מר. פרימאַן האָט פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס פאַר פאַרלוימדונג.

דער פּראָצעס האָט געצויגן אַ סך אויפמערקזאַמקייט איבערן גאַנצן לאַנד. אין אַרקאַנ׳ס אַנטיסעמיטישע זשורנאַלן פון מאָנטרעאַל האָט מען טיסאָ׳ן באַלד באַצייכנט פאַר אַ מאַרטירער וואָס איז אַ קרבן פון יידישע רדיפות. אין די אַלגעמיינע צייטונגען האָט מען גראַטולירט פרימאַנען פאַר נעמען געריכטלעכע שריט צו אָפּשטעלן זאַפּאַרט אַן אַנטיסעמיטישע באַוועגונג אין דער הויפּט־שטאָט איידער זי ווערט גוט באַפעסטיקט. מר. פרימאַן איז דאַן שוין געווען גוט באַקאַנט אַלס יידישער פירער ניט בלויז אין אָטאַווא, נאָר איבערן גאַנצן לאַנד. זיין פרוי איז געווען גוט באַוואוסט און פיל געאַכטעט ניט בלויז אַלס פּרעזידענטין פון „הדסה״, נאָר אויך פאַר אירע גרויסע הומאַניטאַרישע אַקטיוויטעטן, סיי פאַר יידישע סיי פאַר אַלגעמיינע וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס.

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין הערבסט 1935, פאַר אַ ריכטער און אַ דזשורי, און געטראָגן אַ זייער דראַמאַטישן כאַראַקטער. דער אָנגעקלאָגטער האָט געוואָלט שפּילן די ראָלע פון איינעם וואָס ווערט גערודפט דערפאַר, ווייל ער איז אַ גוטער פּאַטריאָט צו זיין לאַנד און צו זיין פאָלק, דערפאַר ווייל ער קעמפט קעגן די „שונאים פון קריסטנטום״. די אַדוואָקאַטן פאַר דער אָנקלאַגע האָבן אים באַצייכנט פאַר אַ רעקעטיר, שאַרלאַטאַן און פאַרלוימדער.

ביים פּראָצעס זיינען, צווישן אַנדערעס, אַרויסגעבראַכט געוואָרן פאָל־גענדע פאַקטן:

דער אָנגעקלאָגטער איז געקומען צו דער גרויסער דעפּאַרטמענט־סטאָר פון „ברייסאַן גרעהעמס״ צו פאַרלאַנגען פינאַנציעלע הילף פאַר זיין אַנטי־סעמיטישער אַרבעט. ער האָט גערעדט צו די צוויי וויכטיקע באַאַמטע פון דער סטאָר, מר. וויליאַם גרעהעמס, דער וויצע־פּרעזידענט, און מר. דזש. מאָנראָ, טרעזשורער און מענעדזשער.

טיסאָ האָט זיי פאָרגעלייגט, אַז זיי זאָלן ווערן מיטגלידער פון דער „ליגע פון קריסטלעכע סטאָר־אייגנטימער קעגן יידישע״. די דאָזיקע ליגע האָט זיך אונטערגענומען צו אָנפירן אַ באָיקאָט־קאַמפּיין קעגן אַלע יידישע געשעפטסלייט מיטן ציל צו פאַרטרייבן די יידישע סטאָר־אייגנטימער פון אָטאַווא און אַזוי אַרום וועלן די קריסטלעכע סוחרים און קרעמער זיך באַפרייען פון יידישע קאָנקורענטן.

כדי צו איבערצייגן, אַז די דאָזיקע ליגע פירט אָן איר אַרבעט אויף אַן עפעקטיוון און ממשות׳דיקן אופן, האָט דעטעקטיוו טיסאָ זיי געוויזן אַ ליפלעט וואָס ווערט פאַרשפּרייט פון איר קעגן די יידישע קרעמער.

דער דאָזיקער ליפלעט האָט אַנטהאַלטן אַן אַרטיקל וואָס איז דערשינען אין דעם מאָנטרעאַלער זשורנאַל „לע פּאַטריאָט״, איינער פון די אַרקאַנ׳ס אַנטיסעמיטישע אָרגאַנען. אין דעם אַרטיקל איז געמאַכט געוואָרן אַ מוראדיקער אָנפאַל אויף די פרימאַנ׳ס און האָט אַנטהאַלטן ערנסטע פאַר־לוימדונגען קעגן דער פאַרוואַלטונג פון דער פרימאַן־סטאָר אין אָטאַוואַ.

אָט דער דאָזיקער פאַקט איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין געריכט. ביידע, מר. גרעהעם און מר. מאָנרא, זיינען דערשינען אַלס עדות פאַר דער אָנקלאַגע.

מר. פרימאַן איז אויך געווען אַן עדות ביים פּראָצעס. דער לאָיער פאַר טיסאָן האָט געוואָלט אים דיסקרעדיטירן אויפן גרונט וואָס ער, פרימאַן, איז אַ לייטנדע פיגור אין ציוניסטישער פירערשאַפט. דער לאָיער האָט געוואָלט שאַפן דעם איינדרוק, אַז ציוניזם איז אַ באַוועגונג פון „אינטערנאַציאָנאַלן יידנטום״, וואָס איז געצילט צו עקספּלואַטירן די אָרעמע אַראַבישע פּויערים אין פּאַלעסטינע און זיי באַרויבן פון זייער לאַנד.

פרימאַן האָט דערקלערט פאַר דער דזשורי, וואָס עס זיינען די גרונט־צילן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קאַנאַדע און אין אַנדערע לענדער. דער ענד־ציל, האָט ער געזאָגט, איז צו שאַפן אַ היימלאַנד פאַר עטלעכע מיליאָן יידן, וועלכע זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו אויפלעבן די יידישע קולטור און שאַפן אַ מאָדערנע ציוויליזאַציע. די אַראַבישע מאַסן, האָט ער באַטאָנט, וועלן פיל בענעפיטירן אויב פּאַלעסטינע זאָל פון יידן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גוט־אַנטוויקלט ציוויליזירט לאַנד.

דער לאָיער האָט פאַרלאַנגט, אַז פרימאַן זאָל אויפקלערן די צילן פון תלמוד. איז אמת, אַז דער תלמוד דערלויבט יידן צו נאַרן קריסטן און זיי באַשווינדלען אין געשעפט? — מר. פרימאַן האָט דערקלערט, אַז די דאָזיקע אינסינואַציעס אויפן תלמוד זיינען דורכאויס פאַלש, אַז דאָס אַטאַ־קירן דעם תלמוד איז איינע פון די געמיינהייטן וואָס אַנטיסעמיטן באַגייען אין קאַמף קעגן יידן.

די דזשורי האָט אויסגעהערט אַרגומענטן פון די אַדוואָקאַטן פאַר ביידע צדדים און אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז דאָס וואָס טיסאַ האָט געטאָן, איז קרימינעלע פאַרלוימדונג.

שפּעטער האָט מען טיסאָן געלאָזט אָפּקומען מיט אַ געלט־שטראָף.

# דער אַנגריף אויף דער קוויבעקער שול

**דער פּאַרזוך צו שטערן בויען אַ נייע שול אין קוויבעק. — די שריפה אין דער שול ערב דעם חנוכת הבית. — די שפּאַנונג אין דער געמיינדע.**

דער דינאַמישער אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין מאָנטרעאל איז אויך אַריינגעדרונגען אין קוויבעק־סיטי. דאָרט זיינען אויך געווען אַקטיווע איינציקע גרופּעס, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט העצן קעגן דער דאָרטיקער אידישער געמיינדע.

אין קוויבעק־סיטי פלעגן אַריינקומען די אַנטיסעמיטישע בלעטלעך, וועלכע זיינען רעדאַגירט געוואָרן פון אַדריען אַרקאַן און זיך געדרוקט אין מאָנטראָל.

אין קוויבעק איז ספּעציעל געווען אַקטיוו די גרופּע „אשאַט שענו" (קויפט ביי אונדזערע). די דאָזיקע באַוועגונג איז געשטיצט געוואָרן פון דער איינפלוסרייכער צייטונג „ל'אַקסיאָן קאַטאָליק".

אין יענער צייט האָט די יידישע געמיינדע פון קוויבעק־סיטי באַשלאָסן צו בויען אַ נייע שול, וועלכע זאָל זיין רייכער און גרעסער פון דער אַלטער. די אַלטע שול איז געבויט געוואָרן פון די אימיגראַנטישע יידן, וועלכע זענען געווען מערעסטנס פּעדלער און קליינהענדלער. דער צווייטער דור וואָס איז געווען מער־ווייניקער „אַרויפגעאַרבעט", האָט געהאַט זיך פאַרנומען צו בויען אַ גרעסערן שול־בנין אין אַ פיינעם רעזידענץ־געגנט. ווען די יידישע געמיינדע האָט געקויפט אַ לאָט צו בויען די נייע שול איז באַלד געוואָרן אַ טומל צווישן געוויסע קריסטלעכע קרייזן. מען האָט אויפגעהויבן אַ געשריי, אַז אין דעם דאָזיקן רעזידענץ־געגנט קען מען בויען נאָר פּאַר פּריוואַטע וואוינונגען, ניט קיין עפנטלעכע געביידעס. ווען די יידישע געמיינדע־פירער האָבן איגנאָרירט דעם דאָזיקן געשריי איז מען געלאָפן אין געריכט צו בעטן אַן „אינדזשאַנקשאַן" וואָס זאָל פאַרבאָטן דער יידישער געמיינדע צו בויען די שול.

די קעגנער האָבן ניט אויסגעפירט. מען האָט געקראָגן אַ דערלויבעניש צו בויען די שול און די בוי־אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן. די אַגיטאַציע קעגן דער שול איז אָבער געווען זייער שטאַרק. עס האָט געפירט דערצו, אַז ווען מען האָט געהאַלטן אינמיטן בויען זיינען געקומען אַנטיסעמיטישע באַיאַנעס און אונטערגעצונדן דעם בייסמענט וואָס איז שוין געווען פאַרטיק.

דער קאַמף צו שטערן די יידן בויען די שול האָט זיך אָנגעהויבן אין די דרייסיקער יאָרן, און געדויערט אַ לאַנגע צייט. דער קלימאַקס איז

געקומען אין מאי 1944. דאָס איז געווען אין אַ שבת אָוונט. מען האָט זיך געהאַט געגרייט צו אַ חנוכת־הבית פייערונג וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען זונטיק. אָבער אין דער נאַכט צווישן שבת און זונטיק איז פאָרגעקומען דער פייער וואָס האָט געשעדיקט דעם אויפגעבויטן בייסמענט.

עס איז באַלד אויפגעשוואוּמען די פראַגע, אויב מען זאָל אָנגיין מיטן חנוכת־הבית, אָדער מען זאָל אָפּלייגן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אָפּלייגן ניט. מען דאַרף באַלד צורעכט מאַכן די שול, און אָנגיין מיט דער פייערונג ווי מען האָט פּלאַנירט. די צערעמאָניעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן נאָכמיטאָג. די שול איז געווען געפּאַקט מיט מענער, פרויען און קינדער, יונג און אַלט. מען האָט געזען אַ צאָל בחורים אין אוניפאָרמען. די אַטמאָספער איז געווען אַן אומעטיקע, ווי ערב יום־כפור. דער חזן האָט געזונגען די תפילות מיט אַן אומעטיקן ניגון. הרב מעדניק האָט געהאַלטן אַן ערנסטע רעדע באַטאָנענדיק די ערנסטקייט פון דער אונטער־צינדונג אין דער פריערדיקער נאַכט.

די שטימונג האָט זיך אָבער פיל געביטן אין אָוונט, ביי דעם חנוכת־הבית באַנקעט. עס האָט אויסגעקוקט ווי די קוויבעקער יידן זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו אַ שמחה. מען האָט זיך גראַטולירט און זיך געוואונטשן מזל־טוב. דער באַנקעט איז געווען אונטערן פאָרזיץ פון סידני לאַזאַראָוויץ און א. מילער. ביים הויפּט־טיש זיינען געזעסן אַ צאָל אָנגעזעענע כלל־טוער פון מאָנטרעאַל, פאָרשטייער פון קאָנאַדער יידישן קאָנגרעס.

מר. א. מילער, דער פרעזידענט פון דער שול, האָט געזאָגט, אַז דער אויסברוך פון פייער איז געווען אַ פיינלעכע אַנטוישונג, אָבער עס האָט אויך אַן אָנגענעמען מאָמענט. ס׳האָט געווירקט צו פאַראייניקן דעם אינגערן דור מיטן עלטערן. עס איז געווען אָנגענעם צו זען ווי באַלד נאָכן פייער איז די גאַנצע יוגנט געווען אין שול און זיך גענומען צו ריייניקן און פאַרריכטן דעם שאָדן. די יוגנט האָט פאַרלאַנגט, אַז די פייערונג זאָל ניט אָפּגעלייגט ווערן כדי עס זאָל ניט אויסקוקן, אַז די קעגנער האָבן געזיגט.

מאָריס פּאָלאַק, דער פאָרזיצער פון בוי־קאָמיטעט, האָט געזאָגט, אַז אַזעלכע אינצידענטן זיינען טאַקע זייער פיינלעך, אָבער די יידישע געשיכטע איז דאָך פול מיט אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען, זיי זיינען פאָרגעקומען אין פאַרשיידענע צייטן, אין פאַרשיידענע ערטער. מען דאַרף האָבן בטחון אין גאָט. מען דאַרף אויך ניט פאַרלירן דעם צוטרוי צו די קוויבעקער פראָנצויזן, וועלכע זיינען אין גרונט ערלעכע, אַרבעטסזאַמע, גאַטספאָרכטיקע און גאַסט־פריינטלעכע מענטשן. — די אַנטיסעמיטישע באַיאָנעס, וועלכע רעדן היטלעריסטיש רעדן אַ פרעמדע שפּראַך, אין אַ פרעמדן גייסט, וואָס איז ניט די שפּראַך און ניט דער גייסט פון קאָנאַדער פראַנצויזן.

# שטורעמדיקער וואַל־קאַמפּיין

**אַנטיסעמיטן פאַרמעסטן זיך אין פעדעראַלן וואַל־קאַמפּיין און פאַרלירן. — יידישע דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט אין די קריטישע דרייסיקער יאָרן.**

אין הערבסט פון 1935 זיינען פאָרגעקומען פעדעראַלע וואַלן אין קאַנאַדע.

אין די דאָזיקע וואַלן האָבן די אַנטיסעמיטן אָנגעפירט אַ שטורעמדיקן קאַמפּיין אויף צוויי פראָנטן, אין מאָנטרעאַל און אין אָטאַוואַ.

אין מאָנטרעאַל האָבן זיי אַרויסגעשטעלט אַ קאַנדידאַט קעגן ס. וו. דזשייקאָבס, אַ מיטגליד פון פּאַרלאַמענט זינט 1917. זיי האָבן נאָמינירט קעגן אים דעם לאַיער סאלוסט לאַוועריִ, אַ פאַרביסענער שונא ישראל. דאָס איז דער זעלביקער לאַוועריִ, וועלכער איז מיט אַ יאָר פריער געווען אַ קאַנדידאַט אין די מוניציפּאַלע וואַלן פון מאָנטרעאַל. אין דעם דאָזיקן קאַמפּיין איז ער געלאָפן אַלס מעיאָר. ער האָט צוגעזאָגט די וויילער, אַז אויב ער וועט דערוויילט ווערן, וועט ער זיך פאַרנעמען מיט איין זאַך — צו באַשיצן די קאַנאַדער מעטראָפּאָליע פון דער „יידישער געפאַר". ער איז, נאַטירלעך, דורכגעפאַלן, אָבער ער האָט געצויגן אַ באַדייטנדע צאָל שטימען.

אין דעם פעדעראַלן קאַמפּיין האָט לאַוועריִ געקערט וועלטן קעגן דער יידישער געמיינדע און קעגן יידישן פאָלק בכלל.

לאַוועריִ האָט אָפּגעהאַלטן גרויסע פאַרזאַמלונגען ביי וועלכע מען האָט נישט גערעדט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר קאַמף קעגן יידן. עס פלעגן אויפטרעטן פאַרשידענע סאָרטן רעדנער, מערסטנס אומבאַקאַנטע פּראָפעסיאָנאַלן, וועלכע האָבן גערעדט דעמאַגאָגיש און געשריגען, אַז קאַנאַדע איז אין געפאַר צוליב אַ „יידישער פאַרשווערונג". די „פאַרשווערונג" האָבן זיי דערקלערט, איז באַשטאַנען אין דעם וואָס מען וויל אַריינציען קאַנאַדע אין קריג קעגן דייטשלאַנד, ·כדי צו איינשטעלן זיך פאַר די דאָרטיקע יידן. אויב דזשייקאָבס וועט זיך אומקערן אין פּאַרלאַמענט, פלעגן זיי טענהן, וועט ער זיכער אַריינציען קאַנאַדע אין אַ קריג צוליבן יידישן פאָלק.

די זעלביקע רעדנער פלעגן באַרעכטיקן די נאַצישע רדיפות אויף יידן. אַלע יידן פון דייטשלאַנד זיינען קאָמוניסטן וועלכע ווילן פאַרניכטן די קריסטלעכע ציוויליזאַציע און העלפן די באָלשעוויקעס צו דאָמינירן גאַנץ אייראָפּע.

מיט אָט דער פּראָפּאַגאַנדע פלעגן זיי שטאַרק אויפרייצן די אַנוועזנדע

צווישן וועלכע מען פֿלעגט זען אַ היפּש ביסל יונגע מענטשן. ביי די פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגט מען פֿאַרקויפֿן — אָדער טיילן פֿריי — די אַנטי־סעמיטישע צייטונגען וועלכע אַרקאַן פֿלעגט אַרויסגעבן און אַנדערע אַנטי־יידישע מאַטעריאַלן.

צו די פֿאַרזאַמלונגען וועלכע דזשייקאָבס האָט אָפּגעהאַלטן פֿלעגן קומען פּראָמינענטע קאַנאַדער פּראַנצויזן, באַוואוסטע אַדוואָקאַטן און אַפֿילו מיטגלידער פֿון קאַבינעט. אין זייערע רעדעס פֿלעגן זיי רופֿן די פֿראַנצויזישע וויילער צו פֿאַרדאַמען די אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען ביי די לאַוועררי פֿאַרזאַמלונגען. זיי פֿלעגן אונטערשטרייכן, אַז די פּראָ־נאַצישע רעדעס פֿון לאַוועררי און זיינע פֿריינט זיינען קעגן דעם קריסטלעכן און הומאַניטאַרישן גייסט פֿון דער פֿראַנצויזישער קאַנאַדע. זיי האָבן גערופֿן צו שטימען פֿאַר דזשייקאָבסן כדי צו ווייזן אַז די קוויבעקער פּראָווינץ איז אַ טייל פֿון דער קריסטלעכער וועלט און איז נישט סימפּאַטיש צו די באַרבאַרישע נאַצים.

דער דאָזיקער קאַמפּיין האָט געצויגן זייער פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט סיי אין יידישע סיי אין אַלגעמיינע קרייזן. ער האָט זיך געענדיקט מיט אַ גרויסן זיג פֿאַר דזשייקאָבסן. לאַוועררי האָט נישט געצויגן קיין באַדייטנדע צאָל שטימען אַפֿילו אין די גאַסן אין וועלכע עס וואוינען פֿראַנצויזן. נאָך יענעם קאַמפּיין האָט מען שוין פֿון אים קיין סך נישט געהערט.

אין אָטאַוואַ האָבן די אַנטיסעמיטן אַרויסגעשטעלט דעם געוועזענעם דעטעקטיוו זשעאַן טיסאָ, וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט אַ רעקאָרד פֿון אַן ערשטקלאַסיקן פֿאַשיסט. מיט אַ צייט פֿריער האָט ער געהאַט אָנגעפֿירט אַן אַנטיסעמיטישן קאַמפּיין אין אָטאַוואַ. זיינע אַנטי־יידישע אַטאַקעס האָט ער געהאַט געצילט דער עיקר קעגן א. י. פֿרימאַן, פּרעזידענט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אייגנטימער פֿון אַ גרויסער דעפּאַרטמענט סטאָר. צוליבן דאָזיקן קאַמפּיין האָט מען אים אָנגעקלאָגט אין קרימינעלער פֿאַרלוימדונג און מען האָט אים געפֿונען „שולדיק”. ער איז אָפּגעקומען מיט אַ גרינגער שטראָף.

טיסאָ האָט אָנגעפֿירט אַ שטורעמדיקן וואַל־קאַמפּיין. ער האָט אַפּעלירט צו די וויילער, אַז זיי זאָלן אים שיקן אין פּאַרלאַמענט, כדי ער זאָל קאָנען פֿון דער פּאַרלאַמענט־טריבונע קעמפֿן קעגן די יידן, וועלכע ער האָט באַשולדיקט, אַז זיי ווילן פֿאַרפֿלייצן דאָס לאַנד מיט יידישע פּליטים־לינגען פֿון דייטשלאַנד און עסטרייך.

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס אין אָטאַוואַ האָט מען געפֿירט אַן אויסגעשפּראָכענעם אַנטיסעמיטישן וואַל־קאַמפּיין. טיסאָ האָט געצויגן קאַרגע 4,000 שטימען, אין פֿאַרגלייך צו 16,000 וואָס זיין קעגנער, אַ ליבעראַל, (נישט קיין ייד) האָט געקראָגן.

אין דעם דאָזיקן וואַל־קאַמפּיין זיינען אויסער מר. דזשייקאָבס דער־ווילט געוואָרן נאָך צוויי יידן, סעמועל פֿאַקטאָר, אַ ליבעראַל פֿון טאָראָנטאָ, און א. א. היפּס, אַ סאָציאַליסט פֿון וויניפּעג.

# אַנטיסעמיטישע פאַרזאַמלונג אין קלויסטער

**פירער פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג גרייטן זיך שוין צו הערשן אין אַ „פאַשיסטישער קאַנאַדע". — פאַרשפּרעכן צו באַשטראָפן געוויסע יידישע פירער ווען זיי וועלן איבערנעמען מאַכט.**

וואָס שטאַרקער די נאַצים זיינען געוואָרן אין דייטשלאַנד, אַלץ מער אַגרעסיוו און דינאַמיש זיינען געוואָרן די אַנטיסעמיטישע באַנדעס אין מאָנטרעאַל און אין קוויבעקער פּראָווינץ בכלל.

גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן שפּירן, אַז עס אַנטוויקלט זיך קעגן זיי אַן אָפּאָזיציע וועלכע ווערט אַלץ גרעסער.

עס איז געקומען דערצו, אַז מען פלעגט דאַרפן היטן די אָרדענונג ביי זייערע פאַרזאַמלונגען, עס זאָלן נישט פאָרקומען רייאָטן. ביי איין גרויסער פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אַ געשלעג. ביי דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג — אין פרילינג 1938 — האָבן צושויער איבערגעשלאָגן די רעדנער מיט אויסרופן „שמוציקע פאַשיסטן!". צושויער האָבן אויך געשטעלט פראַגן און ניט געקראָגן קיין צופרידנשטעלנדע ענטפערס. די פראַגן זיינען געווען וועגן דער באַציאונג פון די נאַצים צו דער קאַטוילישער קירכע. ווען די פראַגע-שטעלער זיינען געוואָרן צו טומלדיק, האָט מען פּרובירט זיי אַרויסוואַרפן פון זאַל. דאָס האָט געפירט צו אַ געשלעג וואָס האָט אָפּגעבראָכן די פאַרזאַמלונג. די נאַצים האָבן דאַן געשריען, אַז יידן און קאָמוניסטן פּרובירן שטערן זייערע פאַרזאַמלונגען.

אין יענער צייט האָט מען גערעדט, אַז געוויסע גייסטלעכע שטיצן דירעקט, אָדער אינדירעקט, די אַנטיסעמיטישע מעשים פון דער אַרקאַן-באַנדע. עס איז איינמאָל געווען אַנאָנסירט אין „לע פאַשיסט קענעדיען", איינער פון אַרקאַנ'ס אָרגאַנען, אַז עס וועט אָפּגעהאַלטן ווערן אַ וויכטיקע פאַרזאַמלונג אין אווידיטאָריום פון דער קאַטוילישער קירכע „סט. טאָמאַס אַווקינאַס" אויף קאָנוועןנט סטריט, און אַז יעדער איינער איז געבעטן צו קומען און הערן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, ווי עס ווערט אָנגעפירט דער קאַמף קעגן דער „יידישער הערשאַפט".

ווען איך האָב געזען דעם דאָזיקן אַנאָנס, האָב איך באַשלאָסן צו בייוואוינען די דאָזיקע פאַרזאַמלונג אפילו ווען ס'איז פאַרבונדן מיט פער-זענלעכער געפאַר. ווען איך בין אַריין אין זאַל, האָב איך נישט געצויגן קיין אויפמערקזאַמקייט. אַרום 1,000 פּערזאָן זיינען געקומען צו דער פאַר-זאַמלונג, וואָס האָט געדויערט אַרום דריי שעה.

אַדריען אַרקאַן איז געווען דער הויפּט־רעדנער. ער האָט גערעדט מיט אַ טאָן וואָס האָט אויסגעדריקט פולשטענדיקע זיכערקייט, אַז פאַשיזם פאַרשפּרייט זיך איבער דער גאַנצער וועלט; אַז „אַלץ וואָס יידן האָבן געשאַפן, דעמאָקראַטיע, ליבעראַליזם, קאָמוניזם, קאַפּיטאַליזם, ברעכט צו־זאַמען״; אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך גייען זיכער צו נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם; אַז קאַנאַדע וועט אויך ווערן באַלד אַ פאַשיסטישער שטאַט און אַז זיין פּאַרטיי גרייט זיך צו איבערנעמען די פליכטן פון אָנפירן די רעגירונג, און ווען דאָס וועט געשען, וועלן אַלע פּראָבלעמען געשליכטעט ווערן און די יידן וועלן נישט קאָנען אַריינשלעפּן קאַנאַדע אין אַ קריג מיט דייטשלאַנד.

אַ צווייטער רעדנער, וועלכער האָט גערעדט וועגן קאַנאַדעס צוקונפט אַלס פאַשיסטישער שטאָט, איז געווען מעידזשאָר סקאָט, אַרקאַנ׳ס „מילי־טערישער עקספּערט״. פון אים האָט מען געהאַט דערוואַרט, צו טריינירן און צוגרייטן אַן אַרמיי פון „שטורם־טרופּערס״, וועלכע זאָלן העלפן אַרקאַנ׳ס פּאַרטיי צו איבערנעמען די מאַכט אין קאַנאַדע.

דער פּרעזיצער איז געווען דר. גאַבריעל לאַמבערט, אַ דענטיסט. ער האָט דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו איבערלאָזן זיין פּראָפעסיע און אָננעמען אַ מיניסטער־שטעלע בעת אַרקאָן וועט ווערן דער פּרעמיער.

ביי דער פאַרזאַמלונג זיינען געווען אַרום 300 בחורים און מיידלעך אין ספּעציעלע יוניפאָרמען צו באַצייכענען זייער אָנגעהעריקייט צו אַר־קאַנ׳ס נאַצישער פּאַרטיי. זיי האָבן געטיילט צו די אָנוועזנדע אַנטיסעמיטישע פּאַמפלעטס און בראָשורן, איינשליסנדיק די גרויסע בראָשור „דער שליסל צו דער מיסטעריע״.

די דאָזיקע בראָשורע, פאַרפאַסט פון דר. לאַמבערט, איז שטאַרק פאַר־שפּרייט געוואָרן איבער דער פּראָווינץ. דאָרט איז געווען אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די „זקני ציון פּראָטאָקאָלן״ און אַנדערע אַנטיסעמיטישע מאַטעריאַלן.

די שטימונג אין זאַל איז געווען — פאַר מיר — אַ געדריקטע און אַ שווערע. אויף די ווענט זיינען געהאָנגען בילדער פון „הייליקע״ קאַטאָליקן און אויף דער טריבונע האָט מען געשאָטן פעך און שוועבל אויפן יידישן פאָלק פון דער גאַנצער וועלט. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך געפין זיך איצט ניט אין מאָנטרעאַל, נאָר ערגעץ אין אַ דייטשער שטאָט פון אייראָפּע. איך האָב אויך געטראַכט, אַז אַזוי האָט מען, מסתמא, גערעדט אין מיטלאַלטער אין די צייטן פון אינקוויזיציעס. איך האָב שוין חרטה־געהאַט למאי איך בין דאָ געקומען. אייניקע מענטשן האָבן זיך אויפגעהויבן און פאַרלאָזט דעם זאַל. איך האָב אויך געוואָלט אַרויסגיין, אָבער איך האָב געטראַכט, אַז גייענדיק צו דער טיר וועל איך אפשר דערקענט ווערן. איך האָב געפילט, אַז איך וועל זיין מער זיכער אויב איך וועל זיצן אויפן אָרט און שווייגן.

ביי דער פאַרזאַמלונג האָט אַרקאָן גערעדט לענגער פון אַלעמען. נאָכ־

דעם ווי ער האָט געגעבן אַן איבערזיכט איבער דער אַלגעמיינער לאַגע אין דער וועלט, האָט ער געשילדערט ווי אין אַלע לענדער ווערט איצט צוגעגרייט דער באָדן פאַר דער הערשאַפט פון נאַציאָנאַל סאָציאַליזם.

דאַן האָט ער אויפגעהויבן די פראַגע ווי מען זאָל באַהאַנדלען די יידן אין קאַנאַדע ווען זיין פּאַרטיי וועט איבערנעמען די מאַכט. וועט מען אַרויס־טרייבן די יידן פון לאַנד?!

אַרקאַן האָט געזאָגט, אַז ניין. דאָס וועט ער זיכער ניט טאָן! עס וועט זיין פּראַקטישער, האָט ער געזאָגט, אַז זיי זאָלן בלייבן דאָ אין לאַנד כדי מען זאָל זיי קאָנען רודפן און מאַטערן, אַזוי ווי אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך.

אַרקאַן האָט אָנגערופן די נעמען פון אַ צאָל יידישע פירער מיט וועלכע מען וועט זיך ספּעציעל אָפּרעכענען.

ער האָט דערמאָנט די נעמען פון א. י. פרימאַן, פּרעזידענט פון די קאַנאַדער ציוניסטן, פון ראַבאַי ה. סטוירן, פון טעמפל עמנואל און פון ה. מ. קייזערמאַן, פון יידישן קאָנגרעס. זיי וועט מען באַלד שיקן קיין באָרדאָ פּריזאָן האַקן שטיינער און טאָן אַנדערע שווערע אַרבעטן.

אין 1938 האָט די אַרקאַן־באַנדע אָפּגעהאַלטן אַ גרעסערע צאָל פאַר־זאַמלונגען, סיי אין מאָנטרעאַל סיי אין אַנדערע פונקטן פון פּראָווינץ, אָפילו אויך אויסער קוויבעק. אָבער די דאָזיקע פאַרזאַמלונג האָט געטראָגן ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט דערפאַר, ווייל זי איז פאָרגעקומען אין אַ קלויסטער. אין דער יידישער געמיינדע איז מען געווען נייגעריק צו וויסן, אויב די העכערע קאַטוילישע פאָרשטייער האָבן געוואוסט, אַז די דאָזיקע פאַרזאַמלונג וועט פאָרקומען אין דעם זאַל פון דער קירכע. עס איז געווען נאָכער אַ באַריכט, אַז אַ נידעריקערער באַאַמטער האָט פאַרדונגען דעם זאַל ניט אָנבּרעגנדיק ביי די העכערע אויטאָריטעטן אויב ער זאָל עס טאָן.

אָבער ווי געזאָגט: אין יענער צייט איז שוין געווען אַ שטאַרקע קעגן־נערשאַפט צו אַרקאַנ׳ס נאַצישער באַוועגונג. אַ גרעסער צאָל פּראָנצוויזישע צייטונגען, טעגלעכע און וועכנטלעכע, האָבן געוואָרנט קעגן די נאַצים אין דייטשלאַנד און קעגן די נאַצישע פריינד אין קאַנאַדע. מען האָט געוואָרנט, אַז די נאַצים זיינען ניט בלויז אַ געפאַר פאַר יידן, נאָר אויך פאַר קריסטן. מען האָט דערציילט וועגן דער גרויסער באַוואָפענונג וואָס קומט פאָר אין דייטשלאַנד מיט דער לאָזונג פון „קאַנאָנען בילכער פון פּוטער", אַז די דאָזיקע באַוואָפענונג קאָן קאָסטן די לעבנס פון מיליאָנען מענטשן פון די דעמאָקראַטישע לענדער.

אין אַנדערע טיילן פון קאַנאַדע האָבן די נאַצים ניט געהאַט קיין שום איינפלוס. עס זיינען געווען נאַצישע גרופּעס דאָ און דאָרט, אָבער קיין דינאַמישע באַוועגונג האָבן זיי ניט געקאָנט שאַפן.

# צווישן פאַשיזם און דעמאָקראַטיע

**די וועלט־לאַגע אין 1938. — פּרעמיער דופּלעסי האָט חרטה אויף זיין אַנטיסעמיטיזם. — מיין דראַמאַטישער אינטערוויו מיט אים. — לואי פיטש אין לעדזשיסלייטשור.**

אין 1938 האָבן די מערסטע פּאָליטישע פירער פון קאַנאַדע, אויך פון אַנדערע לענדער, שוין געוואוסט, אַז די דייטשע נאַצים פּלאַנירן קריג כדי די „אַרישע סופּרים ראַסע" זאָל דאָמינירן אַ גרויסן טייל פון דער וועלט, און אפשר דעם גאַנצן ערד־קוגל.

אין די גרעסערע לענדער — אַמעריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך, די סאָוועטן — האָט מען שוין אָנגעהויבן פּלאַנירן ווי צו פאַרטיידיקן זיך אויב די נאַצים זאָלן אַטאַקירן. געוויסע פּאָליטישע פירער פון מערב האָבן דאַן געגלויבט, אַז מען וועט קאָנען מיט היטלערן זיך פאַרשטענדיקן. דאָס האָט געפירט צו אַ באַגעגעניש מיט היטלערן. עס האָבן זיך מיט אים באַגעגנט טשעמבערליין, פּרעמיער פון ענגלאַנד, און דעלאַדיע, פּרעמיער פון פראַנקרייך. זיי זיינען געפאָרן צו אים אין מינכען און דאָרט האָבן זיי געשלאָסן דעם אָפּמאַך וועלכער האָט געזאָלט פאַרזיכערן פרידן פאַר די מערב־לענדער. עס האָט זיך אויסגעלאָזט טראַגיש. עס האָט אינדירעקט געפירט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה.

געוויסע פּאָליטישע פירער וועלכע האָבן פריער געהאַט אַרויסגעוויזן פּראָ־פאַשיסטישע נייגונגען, האָבן ערב דעם אויסברוך פון דעם צווייטן וועלט־קריג געפילט, אַז זייערע סימפּאַטיעס און נייגונגען זיינען ניט אויף דער ריכטיקער זייט. זיי האָבן זיך באַמיט צו גיין אויף צוריק און זיך האַלטן מער־ווייניקער אויף זיכערע דעמאָקראַטישע וועגן.

פּרעמיער דופּלעסי, וועלכער האָט געהאַט אַרויסגעוויזן פּראָ־פאַשיסטישע נייגונגען אין אָנפאַנג פון די דרייסיקער יאָרן, האָט אין 1938 אָנגעהויבן אַרויסווייזן צייכנס פון חרטה. ער האָט זיך געפילט נישט באַקוועם איבער דעם וואָס מען האָט אים געהאַט באַצייכנט פאַר אַ שונא פון יידן און געוואָלט פאַרריכטן זיין פּאָזיציע אין דער יידישער געמיינדע.

אין פאַרבינדונג דערמיט האָט ער געלאַדן דעם גוט־באַקאַנטן ציוניסט און כלל־טוער לואי פיטש צו זיין אַ קאַנדידאַט אין סט. לואי דיסטריקט אַלס פאָרשטייער פון דער „אוניאָן נאַסיאָנאַל" פּאַרטיי. עס איז דאַן געווען אַ ביי־וואַל דערפאַר, ווייל פּיטער בערקאָוויטש האָט רעזיגנירט פון זיין סיט אין לעדזשיסלייטשור כדי צו ווערן אַ דעפּוטאַט אין דעם פעדעראַלן פּאַרלאַמענט.

אין געוויסע יידישע קרייזן איז מען געווען נישט צופרידן למאי לואי פיטש האָט אָנגענומען צו זיין אַ קאַנדידאַט פון דופּלעסים פּאַרטיי. מר. פיטש האָט דאַן דערקלערט, אַז ער האָט אָנגענומען דערפאַר, ווייל ער גלויבט באמת, אַז דופּלעסי איז אַ בעל-תשובה און צווייטנס, ער גלויבט, אַז זייענדיק אינעוויייניק וועט ער משפּיע זיין אויף אַזעלכע „אוניאָן נאַסיאָנאַל'' דעפּוטאַטן אין לעדזשיסלייטשור, וועלכע זיינען נאָך אַלץ אונטער דעם איינפלוס פון דער אַנטי-יידישער פּראָפּאַגאַנדע וועלכע האָט זיי באווירקט אין די פריערדיקע יאָרן.

אַ טייל פון דער יידישער געמיינדע האָט געשטיצט פיטש'ס שטאַנד-פּונקט. אויף זיין זייט איז אויך געווען דער „קענעדער אדלער'', וועלכער האָט גערופן די יידן צו האָבן פולן צוטרוי צו פיטשן און שטימען פאַר אים. עס וועט זיין נוצלעך פאַר יידן אויב פיטש וועט זיין אין לעדזשיס-לייטשור, האָט די צייטונג דאַן געראָטן.

איידער דער וואַל-קאַמפּיין האָט זיך אָנגעהויבן, איז געווען אַ פאַרלאַנג, אַז דער „קענעדער אדלער'' זאָל דרוקן אַ דערקלערונג פון פּרעמיער דופּלעסי אין וועלכן ער זאָל קלאָר מאַכן זיין שטעלונג צו יידן. איך בין געשיקט געוואָרן צו נעמען אַן „אינטערוויו'' מיט אים וועגן דעם דאָזיקן ענין.

דער געשפּרעך איז פאָרגעקומען אין דעם פּרעמיערס מאָנטרעאַלער אָפּיס וואָס איז דאַן געווען אין אַ „סוויט'' פון מאונט-ראָיאַל האָטעל.

ווען איך בין אריין אין זיין צימער, האָט דער פּרעמיער שוין געהאַט אָנגעגרייט אַ „געטייפּטע'' דערקלערונג אין ענגליש. אין דער דאָזיקער דערקלערונג האָט ער פאַרזיכערט, אַז ער איז נישט קיין שונא פון יידן, פאַרקערט, ער האָט רעספּעקט פאַר דער יידישער געמיינדע, אַז ער האָט האָט אַ צאָל יידישע פריינט און זייער פריינטשאַפט איז אים גוט אָנגעלייגט.

איך האָב זיך אַביסל איבעראַשט ווען דער פּרעמיער האָט געפרעגט וואָס איך דענק וועגן דער דאָזיקער דערקלערונג. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז שטאַרק פאַראינטערעסירט צו הערן מיין מיינונג.

איך האָב געענטפערט, אַז איך קאָן ניט רעדן אין נאָמען פון דער רעדאַקציע. איך קאָן בלויז זאָגן מיין אייגענע מיינונג. עס איז אפשר ניט די מיינונג פון יידישן כלל.

„פאַר מיר פּערזענלעך'', האָב איך געזאָגט, „איז ניט זייער וויכטיק אויב איר זענט פריינטלעך צו יידן. פאַר מיר איז וויכטיק צו וויסן אויב איר זענט אַ פריינט פון דער דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע אונטער וועלכער מיר לעבן און ווערן באַשיצט אין קאַנאַדע. אויב איר זענט נישט פריינטלעך צו דער קאָנסטיטוציע קאָנען מיר זיך נישט פאַרלאָזן אויף אייך אַפילו ווען עס זיינען פאַראַן יידן צווישן אייערע פריינט''.

די דאָזיקע באַמערקונג האָט אַרויסגערופן אַ לענגערן געשפּרעך וואָס האָט געדויערט איבער אַ שטונדע.

אין דעם דאָזיקן געשפּרעך האָט דער פּרעמיער גערעדט וועגן דער לאַגע אין דער וועלט, און ספּעציעל אין אייראָפּע. ער האָט געזאָגט, אַז ער, אַלס פרומער קאַטאָליק, איז שטאַרק באַזאָרגט איבער דער צוקונפט; אַז ער האָט שטאַרק מורא אַז די צוקונפט געהערט צו היטלער און מוסאָליני, וועלכע גייען פאָראויס און פאַרשפּרייטן זייער איינפלוס אין אַלע טיילן פון דער וועלט.

דער פּרעמיער האָט שטאַרק אונטערשטראָכן, אַז ער קאָן נישט זיין קיין אָנהענגער פון היטלער און מוסאָליני, ווייל דאָס וואָס זיי טוען איז קעגן דעם גייסט פון קאַטאָליציזם. אָבער די נאַצים זיינען זייער שטאַרק און מאַרשירן פאָראויס. פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי פאַרנעמען אַלע לענדער פון אייראָפּע און גיין ווייטער. עס איז זייער אַ טראַגישע לאַגע. אויף יידן איז זיכער אַ גרויסער רחמנות. אָבער — וואָס קאָן מען טאָן? מיט די דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציעס, ווי זיי זיינען איצט, קאָן מען נישט צוריקהאַלטן דעם שטראָם פון פאַשיזם. עס איז אוממעגלעך!

נאָכדעם ווי ער האָט קלאָר געמאַכט זיין שטאַנדפּונקט, האָט ער געפרעגט אויב איך בין מסכים מיט זיין „אָביעקטיוון און רעאַליסטישן” צוגאַנג צו דער אַלגעמיינער לאַגע אין אייראָפּע. האָב איך געענטפערט:

ניין, מר. פּרעמיער, איך גלויב, אַז איר אונטערשעצט די אַנטי־פאַשיסטישע כוחות אין אַלע טיילן פון דער וועלט וועלכע זיינען גרייט צו קעמפן קעגן די פינצטערע כוחות פון היטלעריזם.

דער פּרעמיער האָט געזאָגט, אַז ער האָט לעצטנס באַזוכט לאָנדאָן און פּאַריז, גערעדט דאָרט מיט די וויכטיקסטע פּאָליטישע פירער. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט אָפּצושטעלן די כוחות פון פאַשיזם. ער האָט נאָך אַמאָל באַטאָנט, אַז ער האָט פיל מיטלייד מיט די אייראָפּעאישע יידן. זייער צוקונפט זעט אויס זייער שלעכט.

איך האָב אים באַדאַנקט פאַר אויסדריקן סימפּאַטיע צו יידן, און געזאָגט, אַז נישט בלויז אויף יידישע מענטשן איז אַ רחמנות. עס וועט אויך זיין טראַגיש פאַר די פראַנצויזן, די בעלגיער און אפשר אויך די ענגלענדער... היטלער גרייט זיך מיט אַ מעכטיקער אַרמיי נישט צוליב יידן... יידן קאָן ער פאַרניכטן אָן אַ „לופט־וואַפע”, אָן טאַנקן.

„אויב עס וועט זיין אַ קריג וועט עס זיין קעגן די קאָמוניסטן, קעגן רוסלאַנד, נישט קעגן פראַנקרייך”, האָט דער פּרעמיער געזאָגט מיט אַ זיכערן טאָן.

פּרעמיער דופּלעסי איז געווען העפלעך, אפילו ווען איך פלעג זאָגן, אַז איך בין אַבסאָלוט נישט איינשטימיק. ער האָט געזאָגט, אַז די צייט וועט איבערצייגן, אַז ער איז גערעכט.

אין יענע טעג פלעגט מען באַגעגענען אָפט פּאָליטישע פירער וועלכע האָבן געזאָגט, אַז זיי זיינען קעגן נאַציזם, אָבער זיי גלויבן, אַז די נאַצים גיין אויפן וועג צו ווערן אַ גרויסע וועלט־מאַכט און מען דאַרף זיך צופּאַסן

צו זייער הערשאפט. דאס איז געווען א מין „קא־עקזיסטענץ" צוגאנג צו דער פאשיסטיש־נאצישער געזעלשאפט. מר. דופלעסי איז ווארשיינלעך אויך געווען איינער פון זיי. דערוויייל האט ער געוואלט מאניפעסטירן, אז ער איז נישט קיין אנהענגער פון דער נאצישער אידעאלאגיע וואס איר הויפטציל איז געווען קאמף קעגן יידן.

ווען ס'איז געווארן באקאנט, אז דופלעסי האט נאמינירט פיטשן צו זיין א קאנדידאט פאר לעדזשיסלייטשור, האט אים א גרויסע דעלע־גאציע, מיטגלידער און פריינד פון זיין פארטיי, געבראכט א מעמאראנדום מיט א סך אונטערשריפטן צו פארלאנגען, אז ער זאל די נאמינאציע צוריקציען. ער האט דעם פארלאנג צוריקגעוויזן זאגנדיק, אז ער רעספעק־טירט די רעכט פון דער יידישער מינאריטעט אין קוויבעקער פראווינץ.

פיטש איז דערוויילט געווארן. ווען ער איז אריין אין לעדזשיסלייטשור האט דופלעסי מאניפעסטירט צו אים פיל פריינדשאפט. באלד נאך זיין אריינקום האט פיטש געהאט א געלעגנהייט צו האלטן א רעדע אין לעדזשיסלייטשור וועלכע האט געמאכט א שטארקן רושם און געצויגן פיל אויפמערקזאמקייט אין דער ליבעראלער פראנצויזישער פרעסע. פיטש האט גערעדט וועגן יידיש־קריסטלעכע באציאונגען, האט שטארק געלויבט דעם גייסט פון טאלעראנץ און פריינדשאפט וועלכע קאנאדער פראנצויזן האבן ארויסגעוויזן צו דער יידישער מאנאריטעט. ער האט אונטערשטראכן, אז אין דעם קוויבעקער פארלאמענט האט מען צום ערשטן מאל, מיט ארום 100 יאר צוריק, געשאפן א געזעץ צו געבן גלייכע רעכט צו דער יידישער מינאריטעט.

אין 1939 זיינען פארגעקומען רעגעלע פראווינציעלע וואלן. אין די דאזיקע וואלן האט דופלעסי פארלוירן. די רעגירונג איז אריבער צוריק צו די ליבעראלן, אונטער דער אנפירונג פון אדעלאר גאדבא. פיטש האט אויך פארלוירן. מאריס הארט איז דערוויילט געווארן אויף זיין ארט אין סט. לואיס דיוויזיע.

אין דעם דאזיקן וואל־קאמפיין איז די הויפט אישו געווען קאנאדעס מיליטערישע באוואפענונג. עס איז שוין דאן געווען קלאר, אז די נאצים זיינען א געפאר נישט בלויז פאר יידן, און נישט בלויז פאר קאמוניסטן, נאר אויך פארן מערב. פונדעסטוועגן האט דופלעסי אגיטירט פאר א „באשרענקטער" מלחמה־צוגרייטונג. זיין פארטיי האט דעריבער פארלוירן.

# נאָך דער „קריסטאל-נאַכט"

**דער אָנהויב פון פיזישן טעראָר קעגן דייטשע יידן. — די נאַכט וואָס האָט אויפגעשטורעמט די יידישע וועלט. — די פּראָטעסט פאַרזאַמלונגען. — ביי אַ מאַסמיטינג פון די מאָנטרעאָלער נאַצים.**

אין הארבסט פון 1938 זיינען געקומען זייער טראגישע ידיעות פון דייטשלאנד, ידיעות וועלכע האָבן אויפגעשווידערט אַלע יידן און אויך די ליבעראלע קרייזן פון אַמעריקע און קאַנאַדע.

מען האָט שוין געזען, אז די נאַצים גרייטן זיך צו פיזישע פּאָגראָמען. נאָך דעם מינכען-פּאַקט האָבן זיי געפילט, אז זיי קאָנען טאָן וואָס זיי ווילן; אז זיי דארפן זיך ניט רעכענען מער מיט דער עפנטלעכער מיינונג פון דער וועלט. זיי האָבן פריער זיך אויך ניט גערעכנט, אָבער זיי האָבן נאָך אַלץ זיך ניט געפילט אַזוי שטארק ווי נאָכדעם ווען טשעמבערליין, דער בריטישער פּרעמיער-מיניסטער און דאַלאַדיער, דער פראנצויזישער פּרעמיער מיניסטער, האָבן אונטערגעשריבן דעם „אַפּיזמענט"-פּאַקט. די נאַצים זיינען דאַן געוואָרן אַ סך מער ווילדער לגבי די יידן ווי זיי זיינען געווען פריער.

קעגן יידן האָט זיך דער פיזישער פּאָגראָם-טעראָר אָנגעהויבן אין דער נאַכט פון 9-טן נאָוועמבער, 1938, וואָס מען האָט גערופן די „קריס-טאל נאַכט".

אין דער דאָזיקער נאַכט זיינען נאַצישע שטורם-טרופּערס באַפאַלן יידישע הייזער און פּאָגראָמירט. מען האָט פאַרברענט 273 סינאַגאָגן. מען האָט פאַרניכטעט 7500 יידישע געשעפטן. מען האָט 20,000 יידן פאַר-שלעפּט אין קאָנצענטראַציע לאַגערן.

ווען די דאָזיקע ידיעות זיינען אָנגעקומען איז געווען זייער אומע-טיק אין דער יידישער געמיינדע. מען האָט געפילט אַזוי ווי די וועלט גייט אונטער. פריער האָט מען גערעכנט, אז די דייטשן וועלן זיך באַ-נוגענען בלויז מיט דיסקרימינירן, באַליידיקן, מיט שאַפן אויסנאַמס געזעצן. מען האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז זיי זאָלן ברענען סינאַגאָגן, און אַנ-ווענדן ברוטאַלע פיזישע טעראָר מיטלען אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע האָבן יידישע פירער ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. מען האָט געפילט, אז מען קאָן ניט שווייגן, מען מוז לפחות שטורעמען מיט פּראָטעסטן. דער קאַנאַדער יידישער קאָנ-גרעס האָט שנעל אָרגאַניזירט ריזיקע פּראָטעסט-פאַרזאַמלונגען אין אַלע טיילן פון לאַנד.

די גרעסטע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אין מאָנט־רעאל און אין טאָראָנטאָ. ביידע פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען דעם זעלביקן טאָג, זונטיק, דעם 20־טן נאָוועמבער.

אין טאָראָנטאָ זיינען 16,000 יידן געקומען צו דער פאַרזאַמלונג אין מייפּל־ליף גאַרדנס. די פאַרזאַמלונג איז געווען אונטערן פאָרזיץ פון א. ב. בענעט, לייטנדיקער טוער פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס. עס זיינען אויפגעטראָטן פּראָמינענטע פירער פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירך און פון דער קאַטוילישער, אויך באַוואוסטע פּאָליטישע פירער. עס איז געווען איינע פון די גרעסטע יידישע פאַרזאַמלונגען אין טאָראָנטאָ.

אין מאָנטרעאָל איז די פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען אין היז־מעדזשיסטיס טעאַטער. דער טעאַטער איז געווען איבערגעפּאַקט. טויזנטער מענטשן האָבן ניט געקאָנט אַריינגיין. זיינען זיי געשטאַנען אין דרויסן, אויף אַ לײדיקן לאָט נעבן טעאַטער. עס זיינען געקומען יידן פון אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען. מען האָט געזען אויך אַזעלכע, וועלכע פּלעגן זיך זעלטן באַטייליקן אין יידישע פאַרזאַמלונגען. עס האָט זיך געשפּירט אַ תשעה־באָב שטימונג. אין דעם טרויער האָבן זיך באַטייליקט תלמידים פון די יידישע שולן.

די פאַרזאַמלונג איז געווען אונטערן פאָרזיץ פון הויפּט־ריכטער גרינשילדס. ער האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג מיט דעם אויסרוף, אַז „די נאַצים אין דייטשלאַנד האָבן צוריקגעבראַכט אין אייראָפּע דעם באַרבאַ־ריזם פון מיטלאַלטער״. ער האָט געזאָגט, אַז די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט, איינשליסנדיק קאַנאַדע, איז פאַרפליכטעט איינצושטעלן זיך פאַרן יידישן פאָלק!

צווישן די אַנדערע רעדנער ביי דער דאָזיקער היסטאָרישער פאַר־זאַמלונג זיינען געווען: בענדזשאַמין ראָבינסאָן, קיו.סי., ראַביי ה. אַבראַ־מאָוויטש, פון דער שער השמים שול; ראַביי י. שטערן, פון טעמפּל עמנואל, און אייניקע פּראָמינענטע קריסטלעכע רעדנער.

ביי דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָבן די רעדנער פאַרלאַנגט, אַז קאַנאַדע זאָל באַלד עפענען אירע טויערן און דערלויבן יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד קומען דאָ אין לאַנד זיך ראַטעווען. דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז אויסגעדריקט געוואָרן ביי אַלע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אַ גרעסערע צאָל פּונקטן פון קאַנאַדע.

פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען זיינען פאָרגעקומען אויך אין פאַרשיידענע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. פּרעזידענט פרענקלין ד. רוזוועלט האָט אויס פּראָטעסט צוריקגערופן דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר פון בערלין. עס האָט געהייסן, אַז ער רופט אים צוריק, כדי צו קריגן פון אים גענויע אינפאָרמאַציע וועגן דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דייטש־לאַנד אין דער „קריסטאַל נאַכט״ און שפּעטער. די רדיפות אויף יידן האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט נאָך יענער טראַגישער נאַכט. עס איז פאָרגע־

זעצט געוואָרן יעדן טאָג. די נאַציס האָבן זיך ווייניק גערעכנט מיט די פּראָטעסטן אין אויסלאַנד.

אין מאָנטרעאַל זיינען די נאַציס פון דער אַרקאַן-גרופּע אויך ניט געווען פּאַסיוו. אין 1938 האָבן זיי אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען אין די שטאָטישע גרויסע מאַרקעטס — אַטוואָטער מאַרקעט, און סט. דזשיימס מאַרקעט. די שטאָטישע אַדמיניסטראַציע האָט זיי פאַרדונגען די דאָזיקע מאַרקעטס, ניט אַכטנדיק וואָס פון געוויסע קרייזן האָט מען קעגן דעם פּראָטעסטירט. דער מעיאָר, קאַמיליען הוד, האָט געהאַלטן, אַז די אַרקאַן באַנדע האָט דאָס רעכט אָפּצוהאַלטן פאַרזאַמלונגען און קריגן די פּראָטעקציע פון דער פּאָליציי.

ביי איינער פון אָט די פאַרזאַמלונגען — אין האָל פון סט. דזשיימס מאַרקעט — בין איך געווען איינער פון די פילע צושויער. אין יענער צייט האָבן פעדעראַלע דעטעקטיווס (מאַונטיס) שוין געהאַלטן אַן אויג אויף די קוויבעקער נאַציס און גענומען נאָטיצן פון די רעדעס, וועלכע מען האָט געהאַלטן ביי זייערע פאַרזאַמלונגען. אַרקאַן האָט זיך דעריבער באַמיט, אַז די פאַרזאַמלונגען זאָלן טראָגן אַ „פּאַטריאָטישן" כאַראַקטער. עס זאָל ניט הייסן, אַז ער איז אַן אַגענט פון אַ פרעמדער מלוכה.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם נאַציאָנאַלן הימן „אָ קענעדע" און „גאָד סעיוו דהע קינג". דער זאַל איז געווען געפּאַקט. אַ גרויסע צאָל פּאָליסלייט איז געקומען היטן אָרדענונג. מען האָט גערעדט, אַז די קאָמוניסטן וועלן קומען אָפּברעכן די פאַרזאַמלונג.

אייניקע רעדנער זיינען אויפגעטראָטן מיט קורצע רעדעס. דאַן איז געקומען דער הויפּט-רעדנער, אַדריען אַרקאַן. ער האָט געקראָגן אַ סך אַפּלאָדיסמענטן און דעם היטלער-סאַלוט. ביי דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט אַרקאַן אָנגעהויבן מיט דער וואָרנונג, אַז עס רוקט זיך אָן אַ בלוטיקע מלחמה, וועלכע די יידן ווילן אַרויפצווינגען אויף דער קריסטלעכער וועלט. ער האָט אויסגערופן די פראַגע: ווילט איר גיין אין קריג, פאַרגיסן אייער בלוט צוליב יידן?!

„ניין! ניין!" — האָט מען געהערט געשרייען אין אַלע טיילן פון גרויסן האָל.

די יידן ווילן אַריינשלעפּן קאַנאַדע אין קריג קעגן די דייטשן. וועלן מיר עס דערלאָזן?!

„ניין! ניין!" — האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן.

יידישע אַגענטן אַרבעטן אין אָטאַווע, אין וואַשינגטאָן, אין לאָנדאָן, צו אָרגאַניזירן אַ מלחמה קעגן די דייטשן, וועלכע ווילן ראַטעווען אייראָפּע פון קאָמוניזם, האָט אַרקאַן געשריגן.

ווען די דאָזיקע לייִדנשאַפטלעכע אַנטי-יידישע מאַניפעסטאַציעס זיינען פאַרגעקומען האָבן פּאָליסלייט אַרויסגעפירט פון זאַל אַ צאָל אינגערע מענטשן, וועלכע מען האָט חושד געווען, אַז זיי ווילן שטערן דעם מיטינג.

# ערב דעם צווייטן מבול

**דער פאַשיסטישער זיג אין שפּאַניע. — דער „אַנשלוס" פון עסטרייך. — דער אַפּיזמענט־מינכען אָפּמאַך. — די סטאַלין־היטלער טריטי. — דער דראַמאַטישער ציון־קאָנגרעס.**

זייער דראַמאַטיש, און אַפילו טראַגיש, זיינען געווען די ידיעות וועלכע מען פלעגט קריגן פון אייראָפּע אין די לעצטע עטלעכע יאָר איידער די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

אין 1936 האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אַראַבישער טעראָר אין ארץ־ישראל. עס האָט אַרויסגערופן פיל זאָרג אין די יידישע געמיינדעס פון די שטאַטן און קאַנאַדע. אין קאַנאַדע איז די זאָרג געווען נאָך גרעסער דערפאַר, ווייל די ענגלענדער האָבן מאַניפעסטירט אַ נעגאַטיווע באַציאונג צום יידישן ישוב אין ארץ ישראל און אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו שטיצן די אַראַבער. קאַנאַדער ציוניסטן האָבן ניט געקאָנט צופיל פּראָטעסטירן, דערפאַר ווייל קאַנאַדע איז אַ טייל פון דער בריטישער קאָמאָנוועלט. די קאַנאַדער רעגירונג איז געווען פריינטלעך צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער זי איז אויך געווען פריינטלעך צו ענגלאַנד — צו דער מוטערלאַנד.

אין יענער צייט האָט מען גערעדט, אַז די ענגלענדער זיינען באַזאָרגט איבער דער מעגלעכקייט, אַז די אַראַבער פון איראַק זאָלן סאַבאָטאַזשירן ענגלאַנד׳ס אינטערעסן אין די דאָרטיקע אויל־קוואַלן, וועלכע זיינען געווען שטאַרק נויטיק פאַר דעם בריטישן ים־פלאָט. צוליב אָט דער מורא פאַר די אַראַבער האָט דער קאָלאָניאַל אָפּיס זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דער יידישער ישוב איז אָבער געווען גוט באַפעסטיקט און שטאַרק אָרגאַניזירט צו קאָנען אָנהאַלטן די פּאָזיציעס וועלכע זיינען אויסגעבויט געוואָרן פון די פּיאָנערן חלוצים אין אַלע טיילן פון ארץ ישראל.

עס זיינען אויך געווען דראַמאַטיש די ידיעות פון אייראָפּע. די נאַצישע רדיפות ווערן אַלץ מער און מער גרויזאַם. די נירענבערגער געזעצן האָבן די דייטשע יידן געשטעלט אין דער קאַטעגאָריע פון אַבסאָלוטער רעכט־לאָזיקייט. מען האָט שוין געפילט, אַז ווי שלעכט עס זאָל ניט זיין פאַר די יידן אין דייטשלאַנד, וועט ווערן נאָך ערגער. די נאַצים האָבן שוין אָנגעהויבן רעדן פון פאַרניכטן און אָפּווישן די יידישע ראַסע, אויסנעמענדיק אַפילו די האַלבע און פערטל־יידן.

אין שפּאַניע האָט דאַן געבושעוועט דער בירגער־קריג, צווישן די דעמאָ־

קראַטישע לאַיאַליסטן און די פאַשיסטישע רעגירונגען. אַלע צייכנס האָבן געוויזן, אַז די פאַשיסטן געווינען, וואָס דאָס וועט מיינען די פאַרשטאַרקונג פון בערלין־רוים אַקס. די געפאַר פאַר יידישער צוקונפט ווערט ערנסטער. די שונאים פון וועלט־יידנטום קריגן אַלץ גרעסערע אפעטיטן פאַר וועלט־הערשאַפט. די מערב־מלוכות הויבן זיך אָן שרעקן. פריער האָט מען געמיינט, אַז די נאַצים זיינען פאַר זיי ניט געפערלעך. היטלער וועט זיך באַגנוגענען מיט זיין קאַמף קעגן יידן און קעגן קאָמוניסטן.

אין די מערב־לענדער, אין ענגלאַנד, אין אַמעריקע און אַפילו אין פראַנקרייך זיינען געווען גרופּעס וועלכע האָבן געזאָגט, אַז די דייטשן זיינען באַרעכטיקט צו געוויסע קאָנצעסיעס וועלכע זיי שטרעבן צו קריגן מיט מאַכט, דערפאַר ווייל מען גיט זיי ניט מיט גוטן.

ווען די נאַצים האָבן אין 1938 אַריינגעמאַרשירט און אָקופּירט עסטרייך, האָט מען אין אָט די קרייזן געזאָגט: פאַרוואָס ניט? ! די דייטשן און די עסטרייכער געהערן צו דער זעלבער ראַסע. פאַרוואָס זאָלן זיי ניט זיין פאַראייניקט. ניט געפערלעך! אין לאָנדאָן און אין פּאַריז האָבן די רעגירונגס־פירער, פרעמיער נעוויל טשעמבערליין און פרעמיער דעלאַדיע, זיך ווייניק געקרימט. זיי האָבן עס גוט אַרונטערגעשלונגען.

ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן רעדן פון איבערנעמען דעם סודעטן געגנט פון טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט מען געזאָגט: די דייטשן ווילן אָפּנעמען דאָס וואָס איז אייגנטלעך זייערס. עס וואוינען דאָך דייטשן אין די סודעטן. שוין ניט קיין גוואַלדיקער פאַרברעכן...

טשעמבערליין און דאַלאַדיע זיינען געפאָרן צו היטלערן און זיך מיט אים „פאַרשטענדיקט". מען האָט אים געגעבן אַ פרייע האַנט צו נעמען די סודעטן אָבער — מער ניט! ער זאָל מער ניט פאַרלאַנגען צו אויסברייטערן די גרענעצן פון דריטן רייך. ווען טשעמבערליין איז געקומען צוריק אַהיים, פון זיין „אַפּיזמענט"־אָפּמאַך מיט היטלערן, האָט ער געזאָגט, אַז ער איז שטאַרק צופרידן דערמיט וואָס ער האָט איצט געראַטעוועט דעם פרידן. דער שלום, האָט ער געזאָגט, וועט שוין זיין זיכער פאַר אונדזער צייט.

אָבער היטלער איז געגאַנגען ווייטער. ער האָט פאַרלאַנגט — און באַלד געקראָגן — מעמעל, אַ געוויסע דייטשע האַפן־שטאָט, וואָס איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַנעקסירט געוואָרן פון ליטע. נאָכער האָט ער פאַרלאַנגט דעם דאַנציגער קאָרידאָר, וואָס איז געהערט צו פוילן.

אין לאָנדאָן און אין פּאַריז האָט מען אָנפאַנג 1939 איינגעזען, אַז דער אַפּיזמענט־אָפּמאַך וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן אין מינכען, איז געווען אַ טעות, אַז היטלערס אַפּעטיט צו ווייטערע עקספּאַנסיעס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. איז מען געלאָפן קיין מאָסקווע, פּרובירט שליסן אַן אָפּמאַך מיט סטאַלינען, צו איינהאַלטן די נאַצים.

אָבער — ס'איז שוין געווען צו שפּעט. סטאַלין האָט אָפּגעזאָגט דעם

פּעאיקן אויסערן-מיניסטער, מאַקסים ליטווינאָוו, וועלכער איז געווען דער סאָוועטישער פאַרשטייער אין דער פעלקער-ליגע, און נאָכער סאָוועטישער אַמבּאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, און אויף זיין אָרט באַשטימט מאָלאָטאָוון.

און געטאָן האָט עס סטאַלין דערפאַר, ווייל ער האָט אָנגעהויבן פאַר־האַנדלען מיט די נאַצישע פירער אין בערלין. דער ייד ליטווינאָוו האָט זיך ניט געפּאַסט צו אַזעלכע פאַרהאַנדלונגען.

און די וועלט איז דערשטוינט געוואָרן ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז מאָלאָטאָוו און ריבּענטראָפּ, דער נאַצישער אויסערן-מיניסטער, האָבּן געשלאָסן אַ ניט-אַגרעסיע אָפּמאַך, געצילט קעגן די אַליאירטע אין מערב.

דאָס איז געווען ספּעציעל טראַגיש פאַר יידן. מען האָט געהאַט אָנגע־נומען, אַז די קאָמוניסטן און די נאַצים זיינען אַזעלכע געשוואָרענע שונאים, אַז זיי קאָנען קיינמאָל ניט פאַרהאַנדלען צווישן זיך.

עס זיינען געווען פיל יידן וועלכע, הגם זיי זיינען אידעאָלאָגיש געווען אַנטי-קאָמוניסטן, האָבּן זיי דאָך געהאַט געוויסע סימפּאַטיעס צו די סאָוועטן, וועלכע זיינען געווען בּאַזירט אויף דער שנאה צו די נאַצים. פאַר אַ סך יידן איז דער סטאַלין-היטלער אָפּמאַך געווען אַ שטאַרקע אַנטוישונג. עס האָט ווידער פאַרשטאַרקט די געפאַר פאַרן וועלט-יידנטום.

סוף זומער 1939 איז אין זשענעווע פאָרגעקומען אַ ציוניסטישער קאָנגרעס. דאָס איז געווען איינער פון די דראַמאַטישסטע און אומגליק־לעכסטע קאָנגרעסן. דאָס איז געווען אין דעם יאָר ווען ענגלאַנד האָט פאַרבּאָטן יידישע אימיגראַציע קיין ארץ-ישראל און דער אָנקום פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. ווען דער קאָנגרעס האָט זיך געהאַלטן בּיי שליסן, האָט ווייצמאַן זיך געזעגנט מיט די דעלעגאַטן פון פוילן און געזאָגט: „ווער ווייסט אויבּ מירן זיך קאָנען נאָך אַמאָל זען״. ווען דער קאָנגרעס האָט זיך געשלאָסן האָבּן דעלעגאַטן שוין געהאַט שוועריקייטן צו פאָרן צוריק צו זייערע היימען. עס איז שוין געווען מלחמה-צושטאַנד. דעם 31-טן אויגוסט זיינען די דייטשע אַרמייען אַריין אין פוילן.

אין ענגלאַנד, אויך בּיי אונדז אין קאַנאַדע, אַזוי שנעל ווי די צווייטע וועלט-קריג האָט אויסגעבּראָכן, האָבּן ציוניסטישע קרייזן אָנגעבּאָטן צו די ענגלענדער אַלערליי הילף, אויך ספּעציעלע יידישע מיליטערישע גרופּעס אין דעם קאַמף קעגן די נאַצים, און צו בּאַשיצן ארץ ישראל פון אויסער־לעכע שונאים.

# קאַנאַדעס ראָלע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה

**קאַנאַדעס פליער איבער ענגלאַנד אין די טעג פון בליץ־קריג. די יידישע פליער וועלכע האָבן זיך גוט אויסגעצייכנט. — יידישע סאָלדאַטן אין קאַנאַדעס אַרמיי.**

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט קאַנאַדע געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע, איבערהויפּט אין דעם ערשטן פּעריאָד, איידער אַמעריקע איז אַריין אין קריג.

עס איז געווען אַ מיינונג, אַז ענגלאַנד וואָלט צוזאַמענגעבראָכן אין די מוראדיקע טעג פון בליץ־קריג ווען קאַנאַדער לופט־פליער וואָלטן נישט געקומען צוהילף קעגן היטלערס מעכטיקער לופט־וואַפע, וועלכע האָט חרוב־געמאַכט אַ צאָל ענגלישע וויכטיקע שטעט.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן דעם קריג דעם 1־טן סעפּטעמבער, 1939, ווען זייער אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט אין פּוילן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער פּוילישער ווידערשטאַנד האָט צוזאַמענגעבראָכן. אין איינקלאַנג מיט אַן אָפּמאַך וואָס די נאַצישע מאַכט האָט געשלאָסן מיט די סאָוועטן, איז פּוילן צעטיילט געוואָרן. די נאַצים האָבן איבערגעגעבן צו די סאָוועטן דעם מזרח טייל פון פּוילן וואָס האָט איינגעשלאָסן פּאָלעסיע און ווייס־רוסלאַנד.

די יידן וועלכע האָבן געלעבט אין יענע מקומות, וועלכע זיינען אָקופּירט געוואָרן פון די נאַצים, האָבן באַלד זיך דערפילט אין שאָטן פון טויט. די נאַצים האָבן צונויפגעטריבן די פּוילישע יידן אין אַ צאָל געטאָס אין די גרעסערע און מיטעלע שטעט. די גרעסטע געטאָ האָבן זיי איינגעאָרדנט אין וואַרשע. דאָרט האָבן זיי אין אַ קליינעם שטח, וואו עס איז געווען פריער דער צענטער פון יידישער קולטורעלער און געזעל־שאַפטלעכער אַקטיוויטעט פון וואַרשע, האָט מען אַריינגעפּאַקט איבער 400,000 יידן. פון זיי האָט מען גענומען די געזינטערע און אַרבעטספעאיקע יידן און זיי געשיקט צו שקלאַפן־אַרבעט אין די דייטשע אינדוסטריעס. אַ שרעקלעכער טעראָר איז אָנגעווענדעט געוואָרן קעגן די געטאָ־יידן. מען פלעגט אָפּקלייבן פון זיי די שוואַכערע — אויך פרויען און קינדער — און זיי געשיקט צו די טויטן־לאַגערן אין אוישוויץ, מיידאַנעק און אַנדערע, וואו מען האָט זיי פאַרניכטעט.

ווען די נאַצישע אַרמיי איז פאַרטיק געוואָרן מיט פּוילן, האָט די נאַצישע לופט־וואַפע זיך גענומען צו ענגלאַנד. עס האָט אויסגעקוקט, אַז ענגלאַנד איז אין גרויס געפאַר. אומעטום האָט מען געשטעלט די פראַגע:

וועט ענגלאַנד קאָנען אַריבערטראָגן? ווינסטאָן טשורטשיל האָט געזאָגט, אַז ענגלענדער וועלן קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

אין די סאַמע ערשטע טעג פון קריג האָט מען אין קאַנאַדע באַשלאָסן, אַז „ווען ענגלאַנד איז אין קריג, איז אויך קאַנאַדע אין קריג״. מען האָט אָנגענומען, אַז קאַנאַדע מוז שיקן ממשות׳דיקע הילף אַזוי שנעל ווי מעגלעך. מען האָט אויך אָנגענומען, אַז די בעסטע און שנעלסטע הילף וואָס מען קאָן געבן דער מוטערלאַנד איז אַ שטאַרקער לופט-פלאָט, וואָס זאָל קאָנען קעמפן קעגן דער נאַצישער לופט-וואָפע.

מען האָט באַלד אָנגעהויבן רעקרוטירן אין קאַנאַדע בעלנים פאַר לופט-פליער, אַ פּראָפעסיע פון וועלכער מען האָט אין קאַנאַדע פריער ווייניק געוואוסט.

יידישע יונגעלייט זיינען געווען פון די ערשטע וועלכע האָבן זיך פרייוויליק אָפּגערופן צו דינען אין די באַוואָפנטע כוחות פון לאַנד. דער גרעסטער טייל פון זיי איז געגאַנגען אין לופט-פלאָט. אין אַ קורצער צייט האָבן זיך געוויזן אין די גאַסן יידישע יונגעלייט אין אוניפאָרמען. אין די טריינירונגס-סקולס פון לופט-פלאָט האָבן זיי זיך גוט אויסגעצייכנט. אַ גרעסערע צאָל יידישע יונגעלייט האָט מען געזען אין אוניפאָרמען פון אָפיצירן.

אַזוי שנעל ווי דער קריג איז דערקלערט געוואָרן, האָט זיך די באַציאונג צו אַרקאַנס אַנטיסעמיטישער באַנדע פונדאַמענטאַל געענדערט. די פירער און אַקטיווע טוער פון דער דאָזיקער באַוועגונג האָט מען באַלד אינטערנירט אַלס שונאים פון לאַנד. צווישן די אינטערנירטע איז געווען קאַמיליען הוד, דער מעיאָר פון מאָנטרעאַל.

מעיאָר הוד פלעגט פון צייט צו צייט אַרויסווייזן פּראָ-פאַשיסטישע נייגונגען. ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכן, איז געווען אַ גרופּע אין קוויבעקער פּראָווינץ וואָס האָט אויסגעזעצט קעגן קאַנאַדעס באַטייליקונג אין דער מלחמה. אין מאָנטרעאַל זיינען אַפילו פאָרגעקומען אַנטי-קאָנסקריפּציע דעמאָנסטראַציעס. די דעמאָנסטראַנטן האָבן געטראָגן אַנטי-יידישע לאָזונגען. זייער טענה איז געווען, אַז די מלחמה ווערט געפירט כדי איינשטעלן זיך פאַר די יידן. מעיאָר הוד האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט דער גרופּע וועלכע האָט אַגיטירט קעגן באַטייליקונג אין דעם קריג. ער האָט גערופן די קוויבעקער פּראָנצויזן זיי זאָלן ניט גיין אין דער קאַנאַדער אַרמיי. פאַר דער דאָזיקער באַמערקונג האָט מען אים אינטערנירט אונטער די זיכערקייט-געזעצן וועלכע זיינען שנעל אָנגענומען געוואָרן אין פּאַרלאַמענט.

אין די ערשטע חדשים פון קריג האָט די נאַצישע אַרמיי אָפּערירט בלויז אין פּוילן. מען האָט געהאַט געמיינט, אַז זיי שרעקן זיך צו גיין אויף פראַנקרייך איבער דער פראַנצויזישער „מאַזשינאָ-ליניע״. מען האָט געהאַט געגלויבט, אַז די דאָזיקע ליניע, וואָס האָט געקאָסט ריזיקע

פאַרמעגנס, וועט באַשיצן פראַנקרייך. אָבער אין פרילינג פון 1940 האָבן די נאַציס געשיקט זייער אַרמיי אויף בעלגיע און אריין אין פראַנקרייך פון דער בעלגישער זייט, אויסמיידנדיק די „מאַזשינאָ־ליניע". די פראַנ־צויזישע אַרמיי האָט זיך אַרויסגעוויזן זייער שוואַך און די פראַנצויזן האָבן זיך אונטערגעגעבן. די נאַציס האָבן פאַרנומען פּאַריז און דעם גרעסטן טייל פון פראַנקרייך. זיי האָבן דערלויבט מאַרשאַל פּעטען צו אָנהאַלטן אַ שטיקל דרום־פראַנקרייך, מיט ווישי אַלס די הויפּט־שטאָט.

אין יענער צייט איז די שטימונג געווען זייער אַן אומעטיקע. ענגלאַנדס צוקונפט האָט אויסגעקוקט זייער שלעכט. מען האָט געפילט, אַז אויב ענגלאַנד זאָל פאַלן אין דעם בליץ־קריג, וועט היטלער'ס האַנט דערגרייכן אומעטום, אַפילו אויף דער אַנדער זייט פון אַטלאַנטיק.

אין וואַשינגטאָן האָט פּרעזידענט רוזוועלט געגעבן די פאַרזיכערונג, אַז אויב היטלערס אַרמיי וועט מאַכן אַ פאַרזוך אַריינצוקומען אין קאַנאַדע, וועט אַמעריקע באַלד אַריינגיין אין קריג. דאָס האָט פיל באַרואיקט די קאַנאַדער, אָבער די שרעק איז נאָך אַלץ געווען זייער גרויס. די מורא האָט זיך אָפּגעשוואַכט ווען עס פלעגן אָנקומען באַריכטן, אַז קאַנאַדער פליער שיסן אַרונטער נאַצישע עראָפּלאַנען.

אין די קאַנאַדער צייטונגען זיינען געווען יעדן טאָג רשימות פון קאַנאַדער פליער־העלדן וועלכע האָבן אַרונטערגעשאָסן נאַצישע עראָפּלאַנען אין די טעג פון בליץ־קריג. זייער אָפט פלעגט מען באַגעגענען נעמען פון יידישע בחורים פון מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ, וויניפּעג און אַנדערע פונקטן. זיי זיינען געווען די ערשטע יידן אויף דער אַמעריקאַנער זייט וועלכע האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו שלאָגן נאַציס און נעמען נקמה פאַר פאַרגאָסן יידיש בלוט. יידישע פליער זיינען געווען פון די העלדן וועלכע האָבן געקראָגן אויסצייכענונגען פון קאַנאַדער לופט־פלאָט.

זייער פיל אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן דער מאָנטרעאַלער העלדי־שער פליער, סידני שולימסאָן. ער האָט געקראָגן די העכסטע אויסצייכנונג פון קאַנאַדער לופט־פלאָט פאַר אַרונטערשיסן אַ גרעסערע צאָל נאַצישע עראָפּלאַנען.

אַ צווייטער יידישער פליער וואָס איז באַערט געוואָרן מיטן העכסטן מעדאַל פאַר העלדישקייט איז געווען אירווינג באַדנאָף, פון אָטאַוואַ. ער איז געווען איינער פון די פליער וועלכע האָבן באַמערקט אַ נאַצישע סאָבמאַרין אין אַטלאַנטיק און איר געזונקען.

קאַנאַדע האָט אויך אָרגאַניזירט אַ שטאַרקע אַרמיי וועלכע האָט פיל בייגעטראָגן אין די שלאַכטן אויף די צפון־אייראָפּייאישע פראָנטן.

# ייִדן אין די קאַנאַדער מלחמה־באַמיאונגען

**די מלחמה־באַמיאונג קאָמיטעטן פֿון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס. — ייִדישע העלדן אין לופֿט־פֿלאָט. — ייִדישע סאָלדאַטן אין דער לאַנד־אַרמיי. — די ייִדישע קווירנעלס אין מאָנטרעאַלער געגנט.**

אַזוי שנעל ווי ס'האָט אויסגעבראָכן דער צווייטער וועלט־קריג, אין הערבסט 1939, האָט דער קאַנאַדער ייִדישער קאָנגרעס באַלד גענומען שריט צו אָרגאַניזירן דעם גאַנצן קאַנאַדער ייִדישן ישוב פֿאַר דער אָנפֿירונג פֿון קריג. אין די ייִדישע געמיינדעס פֿון גאַנצן לאַנד איז מען געווען גרייט צו טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך צו העלפֿן אין דער טאָטאַלער מלחמה קעגן די נאַציס וועלכע האָבן זיך פּראָקלאַמירט פֿאַר די בלוטיקע שונאים פֿון ייִדישן פֿאָלק.

דער ייִדישער קאָנגרעס האָט אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז קאַנאַדער ייִדן דאַרפֿן טאָן זייער פֿליכט אין די מלחמה־באַמיאונגען ניט בלויז אַלס בירגער פֿון לאַנד, נאָר אַ סך מער. אַלע שיכטן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג האָבן אָנגענומען דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט און אַרויסגעוויזן ווילן און גרייטקייט צו טאָן אַלץ פֿאַר דער רעגירונגס־פּראָגראַם פֿון טאָטאַלן קריג.

איידער דער קריג האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן ייִדן געפֿילט ווי זיי אַליין דאַרפֿן פֿירן דעם קאַמף קעגן נאַציזם. די נאַציס און זייערע פֿריינט האָבן אָנגעפֿירט אַ פּראָפּאַגאַנדע, אַז זיי זיינען ניט קיין שונאים פֿון קאַנאַדע, ניט פֿון ענגלאַנד און ניט פֿון פֿראַנקרייך, אַז זייער ציל איז צו קעמפֿן בלויז קעגן „אינטערנאַציאָנאַלן ייִדנטום" און קעגן די קאָמוניסטן. האָט מען אין פֿילע ניט־ייִדישע קרייזן געמיינט, אַז אויב די נאַציס וועלן אָנפֿאַנגען אַ קריג, וועט עס זיין אין מזרח־אייראָפּע, קעגן די סאָוועטן און ניט קעגן מערב. דערפֿאַר איז מען אין די מערב־לענדער ניט געווען גרייט, פּסיכאָלאָגיש און פּראַקטיש, פֿאַר קריג קעגן די היטלעריסטן, וועלכע האָבן יאָרן פֿריער געאַרבעט טאָג און נאַכט צו אויפֿבויען אַ ריזיקע קריגס־מאַשין מיט וועלכער זיי האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן באַזיגן די וועלט.

די קאַנאַדער רעגירונג האָט אָנגענומען מיט צופֿרידנהייט דעם אָנבאָט פֿון ייִדישן קאָנגרעס. עס איז באַלד געשאַפֿן געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער ייִדישער מלחמה־באַמיאונג קאָמיטעט צו קאָאָרדינירן אַלע טעטיקייטן פֿון די ייִדישע געמיינדעס צו העלפֿן אין דעם קריג.

אין אַלע ייִדישע געמיינדעס פֿון קאַנאַדע האָט זיך אַנטוויקלט אַן

אינטענסיווע אַקטיוויטעט פאַר אַלע לייסטונגען וועלכע זיינען געווען פאַר־בונדן מיט דער טאָטאַלער מלחמה קעגן די נאַצים. דאָס האָט איינגעשלאָסן די אַקציע צו רעקרוטירן פריַיווויליקע פאַר די באַוואָפנטע כוחות פון לאַנד. די רעגירונג האָט זיך געניטיקט אין גרויסע סומען געלט כדי צו אָנפירן די קאָסטבאַרע מלחמה פראַגראַם. זי האָט דעריבער אַרויסגעלאָזט „וויקטאָרי באָנדס". אין די יידישע געמיינדעס האָט מען פיל געהאָלפן צו פאַרקויפן וואָס מער די דאָזיקע באָנדס.

די רעגירונג האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט אַלע כוחות אין דער טאָטאַלער מלחמה צו וועלכער זי איז געווען זייער שוואַך צוגעגרייט. אַלץ האָט מען באַדאַרפט אָנהויבן כמעט פון גאָרנישט. מען האָט באַדאַרפט אָרגאַניזירן שנעל אַ לופט־פלאָט און בויען מיליטערישע לאַגערן אין אַלע טיילן פון לאַנד. ווען לאַגערן זיינען געבויט געוואָרן האָט דער יידישער קאָנגרעס אָנגעבאָטן צו העלפן אויסשטאַטן מיט פאַסיקע מעבל די דאָזיקע לאַגערן, איבערהויפט די זאַלן וועלכע ווערן גענוצט פון אָפיצערן.

דער פרעזידענט פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, סעמועל בראָנפמאַן, איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון אָט די אַקטיוויטעטן. מרס. בראָנפמאַן האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן די יידישע פרויען פון לאַנד פאַרן רויטן קרייץ. דער בייטראַג אויף דעם דאָזיקן געביט האָט זיך שטאַרק אָנגעזען.

אויך אין ענגלאַנד האָבן יידישע געמיינדעס אָרגאַניזירט ספּעציעלע מלחמה־באַמיאונג קאָמיטעטן צו העלפן אין דעם טאָטאַלן קריג קעגן די נאַצים. דער דיספּוט צווישן ציוניסטישע פירער און דעם בריטישן קאָלאָניאַל אָפיס, איבער ענגלאַנד'ס פּאַלעסטינע־פּאָליסי, איז אַזוי ווי סוספּענדירט געוואָרן. אין דעם זעלביקן יאָר, אין 1939, האָט ענגלאַנד באַשרענקט די יידישע אימיגראַציע קיין ארץ ישראל. ציוניסטישע פירער זיינען וועגן דעם געווען שטאַרק פאַרביטערט. אָבער ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכן, איז פון די ציוניסטישע טוער געקומען אָן אָנבאָט צו ענגלאַנד וועגן אָרגאַניזירן באַזונדערע יידישע אַרמיי־לעגיאָנען צו קעמפן קעגן די נאַצים און דער אָנבאָט איז מיט צופרידנהייט אָנגענומען געוואָרן.

איידער די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אַריין אין קריג, האָבן יידישע פירער פון אַמעריקע באַגריסט קאַנאַדער יידן וועלכע האָבן געקראָגן די מעגלעכקייט צו באַטייליקן זיך דירעקט אין דער טאָטאַלער מלחמה קעגן די נאַצים. עס פלעגן דאַן קומען פון די שטאַטן פילע יידישע יונגעלייט צו אָנשליסן זיך אין די באַוואָפנטע כוחות פון קאַנאַדע, דער עיקר אין לופט־פלאָט. אין די שטאַטן זיינען דאַן געווען געוויסע פּאָליטישע קרייזן וועלכע האָבן אַגיטירט, אַז אַמעריקע זאָל זיך איזאָלירן פון די אייראָפּעאישע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און זיין „נייטראַל" און האַנדלען מיט ביידע צדדים. פרעזידענט רוזוועלט האָט ניט אָנגענומען דעם שטאַנד־פּונקט פון אָט די „אייסאָלעישאַניסט"־קרייזן, אָבער ער האָט זיך נישט געאיילט צו אַריינפירן אַמעריקע אין קריג, ביז וואַנען עס איז געקומען

דער אינצידענט פון „פוירל הארבאר". איידער דאס האט פאסירט, איז קאנאדע געווען דאס איינציקע לאנד אויפן אמעריקאנער קאנטינענט, וואס האט זיך אריינגעצויגן אין דער מלחמה קעגן די נאציס.

אין די ערשטע חדשים נאך דער דערקלערונג פון קריג, האט מען אין די יידישע געמיינדעס געזען א סך יונגעלייט אנגעטאן אין די קאנאדער מיליטערישע אוניפארמען. די מערסטע זיינען געווען אין די אוניפארמען פון לופט־פלאט. דער דורכשניטלעכער יידישער בחור וואס האט באשלאסן צו אנשליסן זיך פרייוויליק אין דינסט איז געגאנגען צום לופט־פלאט, צו ווערן א „פאילאט", אדער א „נאוויגייטאר". צו גיין אין אט דער דינסט האט מען באדארפט באזיצן א געוויסע מאס בילדונג און אינטע־ליגענץ. די בחורים וועלכע האבן ארויסגעוויזן ספעציעלע פעאיקייטן אין דער טריינירונג־שולע, האבן געקראגן „קאמישאנס" צו ווערן אפיצירן.

פון די יידישע פליער וועלכע מען האט געשיקט קיין ענגלאנד צו קעמפן קעגן דער דייטשער „לופט־וואפע", אין די מוראדיקע טעג פון בליץ־קריג, האט מען געהערט גוטע באריכטן. זייערע נעמען זיינען אפט דערשינען אין דער ליסטע פון העלדן וועלכע האבן ארונטערגעשאסן נאצישע עראפלאנען. עלטערן פון אזעלכע העלדישע פליער זיינען געווען זייער שטאלץ. מען פלעגט זיי גראטולירן פון אלע זייטן. עס זיינען נאטירלעך אויך געווען קרבנות. עס זיינער געווען עלטערן וועלכע האבן פארלוירן העלדישע זין אין דעם קאמף קעגן נאצישע פליער, ערגעץ אין ענגלאנד, בעלגיע, אדער פראנקרייך.

עס איז אויך געווען א גרעסערע צאל יידישע בחורים אין דער לאנד־ארמיי. אין דעם מאנטרעאלער געגנט זיינען געווען באוואוסט צוויי יידישע קוירנעלס. קוירנעל דזשאזעף עטשענבערג איז געווען דער קאמאנדיר איבער דעם ארדינאנץ דעפא אין לאנגעי און קוירנעל פיליפ עבי איז געווען קאמאנדיר פון דעם גרויסן מיליטערישן לאגער אין פארנהאם.

זייער אפט פלעגט מיר אויסקומען צו באזוכן, אלס פארשטייער פון „קענעדער אדלער", די דאזיקע לאגערן און רעדן מיט די יידישע קוירנעלס וועגן די יידישע סאלדאטן אין זייערע אפטיילונגען און אין דער קאנאדער ארמיי בכלל.

קוירנעל עטשענבערג האט געשטאמט פון א סוחרים פאמיליע פון שערברוק. אין פרידנסצייט האט ער זיך פארנומען מיט געשעפטלעכע אנגעלעגנהייטן און איז געווען אקטיוו אין די געזעלשאפטלעכע ענינים פון דער געמיינדע. קוירנעל עבי איז אויך געווען א געשעפטסמאן און אן אנגעזעענער טוער אין די פילאנטראפישע אינסטיטוציעס פון דער יידישער געמיינדע אין מאנטרעאל. אין דער ארמיי האט ער קאמאנדירט אן ארטילעריע־רעגימענט. יעדעס מאל ווען איך פלעג רעדן מיט אים, פלעגט ער אונטערשטרייכן, אז די דאזיקע מלחמה איז אנדערש שוין דערמיט אליין ווייל אין איר שלאגן זיך נישט יידן קעגן יידן. מיר זיינען זיכער, האט

ער געזאָגט, אַז עס זיינען ניטאָ קיין יידישע סאָלדאַטן אויף דער נאַצישער זייט.

קוירנעל עבי האָט מיך איינמאָל געלאַדן צו אַ מאָלצייט אין דעם אָפיצערן־זאַל פון פארנהאם לאַגער. דאָרט האָט ער מיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ צאָל אָפיצערן, צווישן זיי איייניקע יידן. איינער פון די נישט־יידישע אָפיצערן האָט פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס. ער האָט דערציילט, אַז אין זיין גרופּע דינען עטלעכע יידישן סאָלדאַטן. זיי זיינען וואוילע בחורים, אָבער איין חסרון — זיי האָבן נישט קיין געדולד. זיי וואָלטן וועלן שוין זיין אויף יענער זייט ים, זיך שלאָגן מיט די נאַצים. אָבער אין אַ קריג טאָר מען זיך נישט איילן. מען דאַרף זיך גוט טריינירן.

אין קוירנעל עטשענבערגס אָפּטיילונג זיינען געווען מער יידישע סאָלדאַטן. יידישע בחורים האָבן זיך וואָרשיינלעך אויסגעטויגט בעסער צו אָרדינאַנץ. בחורים וועלכע האָבן געהאַט געאַרבעט אין אָפיסעס, אָדער אין סטאָרס זיינען געווען מער נוצלעך צו טאָן אָרדינאַנץ־אַרבעט. אין אַ געשפּרעך איינמאָל מיט קוירנעל עטשענבערג, האָט ער אונטערשטראָכן דעם געדאַנק, אַז אויב די דאָזיקע מלחמה וועט, חלילה, נישט געוואונען ווערן, וועט אין דער גרויסער וועלט נישט זיין קיין איין ווינקעלע וואו יידן וועלן קאָנען לעבן. אַנדערע פעלקער וועלן קאָנען לעבן אפילו זייענדיק פאַרשקלאַפט צו די נאַצים, אָבער נישט די יידן. פאַר זיי וועט זיין אַלץ נעענדיקט.

אָט דעם געפיל האָבן געהאַט אַ סך יידישע סאָלדאַטן מיט וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען צו רעדן אין יענער צייט. דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס האָט געשאַפן דאַן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט וועלכער האָט געזאָרגט פאַר דעם וואוילזיין פון יידישע „סערוויסמען". משה מייערסאָן, קיו.סי., אַ לייטנדער טוער פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט, פלעגט פאָרן צום מיליטערישן לאַגער אין האנטיגדאן, וואו דער ערשטער טריינירונגס־פּעריאָד פלעגט פאָרקומען. איך פלעג אים אָפט באַגלייטן, און דאָרט זיך באַגעגנט מיט די יונגע יידישע בחורים וועלכע זיינען געווען גליקלעך צו דינען אין דער קאַנאַדער אַרמיי. צווישן זיי זיינען טאַקע געווען אַזעלכע וועלכע האָבן שוין געהאַט ווייניק געדולד צו זיין אין קאַנאַדע. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי זיינען שוין גענוג טריינירט צו קאָנען זיין אין אייראָפּע, נענטער צום פראָנט. זיי האָבן געפילט, אַז אין דער דאָזיקער מלחמה האָבן זיי אַ צווייענטיקע מיסיע — צו קעמפן קעגן די נאַצים, ערשטנס אַלס קאַנאַדער בירגער און צווייטנס אַלס יידן.

# קאַנאַדער סאָלדאַטן אין דער ראָלע פֿון באַפֿרייער

**די ערשטע קאַנאַדער אַרמיי האָט געטריבן די דייטשן פֿון בעלגיע און האָלאַנד. — ווי קאַנאַדער יידישע סאָלדאַטן האָבן דורכגעפֿירט אַ חנוכה־פֿייערונג פֿאַר געראַטעוועטע יידישע קינדער.**

אין הערבסט פֿון 1944 איז שוין געווען קלאָר, אַז די מעכטיקע דייטשע אַרמיי האָט פֿאַרלוירן איר שוואונג און איז שטאַרק צעקלאַפּט.

אויף אַלע פֿראָנטן זיינען די אַליאירטע געוואָרן שטאַרקער. די אַמע־ריקאַנער אַרמיי האָט זיי געשטויסן צוריק אין פֿראַנקרייך. די סאָוועטישע אַרמיי האָט זיי געשלאָגן שטאַרק אין אוקראַינע און ראָמעל'ס נאַצישע אַרמיי איז געבליבן שטעקן אין אַפֿריקע.

צו דער קאַנאַדער אַרמיי איז געגעבן געוואָרן די אויפֿגאַבע צו באַ־פֿרייען בעלגיע און האָלאַנד.

די קאַנאַדער ערשטע אַרמיי האָט דורכגעבראָכן דעם נאַצישן פֿראָנט אין בעלגיע און מאַרשירט פֿאָרויס.

אין קאַנאַדע איז מען געווען שטאָלץ צו הערן די באַריכטן, אַז אונדזער אַרמיי גיט קלעפּ די בלוטיקע נאַצים, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. זיי האָבן פֿאַראורזאַכט שווערע פֿאַרלוסטן, אָבער די קאַנאַדער סאָלדאַטן האָבן געבראָכן זייער ווידערשטאַנד און באַפֿרייט איין שטאָט נאָך דער צווייטער.

אין יענע טעג בין איך און מיין פֿרוי געווען שטאַרק גערירט ווען מיר האָבן געקראָגן אַ בריוו פֿון אונדזער זון, פֿייוול, וועלכער איז געווען מיט דער קאַנאַדער אַרמיי וואָס האָט מאַרשירט קעגן די נאַצים פֿון בעלגיע און האָלאַנד.

אין דעם דאָזיקן בריוו, וועלכן איך האָב געלאָזט דרוקן אין „קענעדער אדלער", איז דערציילט געוואָרן ווי אין אַ האָלענדישער שטאָט האָבן קאַנאַדער יידישע סאָלדאַטן דורכגעפֿירט אַ חנוכה־פּאַרטי פֿאַר די יידישע קינדער פֿון יענעם געגנט. צו דורכפֿירן די דאָזיקע פּאַרטי איז געווען נויטיק צו אויפֿזוכן די קינדער און זיי צוזאַמענברענגען אין דער שול וואָס איז געווען געשלאָסן און אָפּגעלאָזט. מען האָט באַדאַרפֿט צורעכטמאַכן די שול, זי אויספּוצן און זען, אַז עס זאָל טראָגן אַ יום־טובדיקן כאַראַקטער. נישט־יידישע סאָלדאַטן האָבן אַרויסגעהאָלפֿן אין אָט דער אַרבעט.

די דאָזיקע חנוכה־פֿייערונג איז דורכגעפֿירט געוואָרן פֿון ראַבײַ סעמועל קעס, וועלכער איז געווען דער יידישער טשאַפּלען אין דער קאַנאַדער

אַרמיי. אין יעדער בעלגישער און האָלענדישער שטאָט אין וועלכער די קאַנאַדער אַרמיי איז אַריינגעקומען, האָט ראַבאַי קעס זיך פאַרנומען מיט זוכן פאַרבליבענע יידן, און זיי ברענגען דעם גרוס פון באַפרייאונג. יידישע סאָלדאַטן האָבן אים געהאָלפן צו זוכן אַט די באַפרייטע יידן. מען האָט זיי געפונען אין אַנטווערפּן, אין אַמסטערדאַם, ברעידאַ, הילבערטאַן, טאַרנהאַלט און אַנדערע פּונקטן. אומעטום האָבן די אויפגעזוכטע יידן געקראָגן די מעגלעכקייט, מיט דער הילף פון דער קאַנאַדער אַרמיי, צו פייערן זייער באַפרייאונג.

אייניקע שטעלן פון מיין זונס בריוו איז וויכטיק צו איבערגעבן. ער דערציילט:

איך בין געקומען אין שול 2.30 נאָכמיטאָג. עס האָט געמאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק צו זען ווי די שול האָט אויסגעקוקט אינעווייניק. מען האָט געזען אַלע צייכנס פון שענדונג וואָס די נאַצים האָבן איבערגעלאָזט. די נאַצים האָבן פאַרניכטעט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות אינעווייניק מיט דער שול. זיי האָבן אַפילו די בענק אויסגעריסן און צעבראָכן. זיי האָבן איבערגעלאָזט בלויז די הוילע פיר ווענט און אַ לעכערדיקן דאַך דורך וואַנען עס האָט גערעגנט און צוליב דער פייכטקייט האָט די פּאָדלאָגע שוין גענומען פוילן. עס האָט גאָרניט אויסגעזען ווי אַ שול. עס האָט אויסגעקוקט מער ווי אַן אַלטע פאַרלאָזטע ווערהויז. אָבער — סיי ציווילע מענטשן, סיי „סערוויסמען" קומען דאָ דאַווענען.

צו דער פייערונג זיינען געקומען „סערוויסמען" פון דער קאַנאַדער אַרמיי, ווי אויך פון דער בריטישער און פוילישער. עס זענען געקומען אויך אייניקע ציווילע מענטשן. עס איז געווען אַ גאַנץ היבשע „קאָגרע־גיישאַן". ראַבאַי קעס האָט געהאַלטן אַ פּאַרטראַג וועגן חנוכה, ציענדיק אַ פּאַראַלעל צווישן די היינטיקע באַדינגונגען און די באַדינגונגען פון אַמאָל, אין די צייטן פון די מאַקאַבעער האָט ער צווישן אַנדערעס געזאָגט: „און אַט זענען מיר ווידער היינט דאָ, אין גאָט'ס הויז, וואָס איז צעריסן און אויסגעליידיקט געוואָרן פון טיראַנישן שונא, דעם שונא וועלכן מען האָט פאַרטריבן און צינדן אָן חנוכה־ליכט. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין די צייטן פון יהודה המכבי, ווען מען האָט אָנגעצונדן דעם אויל־לעמפּל וועלכן דער שונא פון יענער צייט האָט געשענדעט... מיר ווידער־האָלן געשיכטע".

נאָך דער פייערונג אין שול האָט מען אונדז געלאַדן צו אַ פּריוואַטער היים. דאָרט האָט מען צוגעגרייט אַ פייערונג פאַר קליינע קינדער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט קומען אין שול. דאָרט אין הויז זענען געווען 10 קינדער. אויסער די קינדער זענען געווען עטלעכע עלטערע מענטשן. דער טיש איז געווען סערווירט ספּעציעל פאַר די קינדער. יעדעס קינד האָט געקראָגן אַ פּעקעלע שאָקאָלאַד און צוקערקעס. ראַבאַי קעס און די „באָיעס" האָבן צוגעגרייט אַט די מתנות־פּעקלעך פאַר די קינדער. מען האָט פאַר

די קינדער געבענטשט חנוכה־ליכט. עס איז איבעריק פאר מיר צו זאגן, אז די קינדער זענען אנטציקט. נישט בלויז די קינדער — אויך די עלטערע מענטשן זענען געווען אויסערגעוויינלעך באגייסטערט. צום ערשטן מאל אין די לעצטע יארן האבן זיי געפייערט דעם יום טוב פון חנוכה.

די טראגישע געשיכטעס וואס די האלענדישע יידן דערציילן זענען ענלעך צו די, וואס מען הערט פון די יידן אין בעלגיע. דער איינציקער אונטערשייד איז, וואס די יידישע קהלות אין האלאנד זענען פראפארציאנעל קלענער לגבי די יידישע געמיינדעס אין בעלגיע. די האלענדישע יידן האבן זיך אויך באדארפט אויסבאהאלטן פאר די עטלעכע יאר וואס די נאצים זענען דארט געווען, נאר איין פאקט דארף דא דערמאנט ווערן. ביי דער חנוכה־פייערונג אין דער פריוואטער הויז איז געווען א קריסטלעכע פרוי, א נוירס. זי האט באהאלטן זיבן יידישע קינדער, צווישן 2 און 7 יאר אלט. זי האט איינגעשטעלט איר אייגן לעבן כדי צו באהאלטן פון די נאצישע מערדער אט די קינדער. איינער פון אט די קינדער איז איצט א יינגעלע וואס איז 4 יאר אלט. קיינער ווייסט נישט פון וואנען ער שטאמט און מ'ווייסט נישט וואס איז זיין נאמען. רופט מען אים דערווייל יוסף...
אלע זיבן קינדער, וועלכע די נוירס האט געראטעוועט, זענען געווען ביי דער חנוכה־פייערונג און צוזאמען מיט זיי האבן מיר געפייערט דעם יום־טוב פון פרייהייט און די דאזיקע פייערונג וועלן מיר שטענדיק געדענקען.

* * *

דער דאזיקער בריוו שפיגלט אפ ווי עס האט אויסגעקוקט די יידישע לאגע אין אייראפע באלד נאך דער באפרייאונג. עס גיט אויך א בילד וועגן דער וויכטיקער ראלע וואס די קאנאדער ארמיי האט געשפילט אין דעם גרויסן זיג קעגן היטלערס ארמייען, וועלכע האבן זיך געהאט פארמאסטן צו פארכאפן די גאנצע וועלט.

# ווען מיכאָעלס און פעפער האָבן באַזוכט מאָנטרעאל

**דעלעגאַציע פון מאָסקווער יידישן אנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט איז געקומען קיין מאָנטרעאל. — אַ „פרייער" געשפרעך מיט איציק פעפער אין אַ סט. קעטרין סטריט קאַפעטעריע.**

ווען די סאָוועטן זיינען אַריין אין דער מלחמה האָט זיך די אַלגעמיינע שטימונג פיל געביטן. פריער איז מען געווען פאַרביטערט קעגן דער סאָ־וועטישער הערשאַפט הלמאי זי האָט געשלאָסן דעם נאָן־אַגרעסיע פאַקט מיט די נאַצים. מען האָט צוליב דעם באַטראַכט די קאָמוניסטן ווי שונאים.

ווען די היטלער אַרמיי איז באַפאַלן די סאָוועטן איז די ביטערקייט פאַרשוואונדן. דער סטאַלין־רעזשים איז געוואָרן אַן „עלאַי" און אַ שותף אין דער מלחמה קעגן די נאַצים. אַמעריקע האָט אין דער דאָזיקער שותפות געמאַכט ריזיקע אינוועסטירונגען, אין דער פאָרם פון „לענד־ליס" הילף.

מיט דעם אַריינקום פון דער רויטער אַרמיי אויף דער זייט פון די אַליאירטע האָט זיך פאַרשטאַרקט די האָפענונג, אַז די נאַצים וועלן שנעל באַזיגט ווערן און יידן וועלן באַפרייט ווערן פון „היטלערס אייראָפייאישע פעסטונג". אין יענער צייט האָבן פילע געגלויבט, אַז די סאָוועטישע פּאָליסי וועט געביטן ווערן; אַז די רוסן וועלן איינשטעלן גוטע באַציאונגען מיט די דעמאָקראַטישע לענדער. אַ סך יידן האָבן געגלויבט, אַז די אייזערנע וואַנט צווישן די סאָוועטישע יידן און די יידן פון אַנדערע מדינות וועט באַזייטיקט ווערן.

דער דאָזיקער גלויבן איז פאַרשטאַרקט געוואָרן ווען דער יידישער אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט פון מאָסקווע האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע פון צוויי אָנגעזעענע סאָוועטישע יידן צו די יידן פון אַמעריקע און קאַנאַדע. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון באַרימטן אַרטיסט ש. מיכאָעלס און דער דיכטער איציק פעפער, וועלכער איז דאַן געווען אַ „קוירנעל" פון דער רויטער אַרמיי.

מיכאָעלס און פעפער זיינען וואַרעם אויפגענומען געוואָרן אין אַ צאָל גרעסערע שטעט, וועלכע זיי האָבן באַזוכט. זיי זיינען אויך געווען צוויי טעג אין מאָנטרעאל.

איידער זיי זיינען געקומען אין מאָנטרעאל זיינען זיי געווען די געסט פון דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע אין אָטאַוואַ. דאָרט האָט מען איינ־געלאַדן אַ צאָל פאָרשטייער פון דער פרעסע. די צייטונגסלייט זיינען אויפגענומען געוואָרן אין אַ צימער פון שאַטאָ־לאָריע האָטעל.

פון אָטאַוואַ זיינען זיי געקומען קיין מאָנטרעאל, און דאָרט אַדרע־

פירט אַ פֿאַרזאַמלונג אין דער אַרענאַ. דער ערשטער רעדנער, מיכאַעלס האָט געדערדט זייער דינאַמיש און גענומען דעם עולם מיט שטורעם. ער האָט אין זיין רעדע שטאַרק אונטערשטראָכן די לאָזונגען: „טויט צו פאַשיזם". ער האָט באַטאָנט, אַז „דער קאַמף קעגן פאַשיזם פאַראייניקט אַלע יידן פון דער וועלט".

איציק פעפער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ ביטערע פּאָלעמיק. ער האָט גערעדט לאַנג און קריטיקירט די קרייזן, וועלכע קעמפן קעגן די קאָמוניסטן. זיין רעדע איז ניט געווען צופיל אינטערעסאַנט פאַר דער גרויסער מאַסע צושויער, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַ סך האָבן פאַרלאָזט דעם זאַל איידער ער האָט געענדיקט רעדן.

אויפן צווייטן טאָג איז פאָרגעקומען אַן אויפנאַמע אין סיטי האָל. ווען די צערעמאָניע פון דער אויפנאַמע האָט זיך געהאַלטן ביים ענדיקן, איז פעפער צוגעגאַנגען צו מיר און געפרעגט: „איר זענט, דאַכט זיך, פון ,קענעדער אָדלער', איך וויל אייך בעטן אַ טובה".

— „איך וועל טאָן פאַר אייך אַלץ וואָס איך קאָן" — האָב איך געענטפערט.

— „איך בעט אייך, גנב'עט מיך אַרויס פון דאַנען. כאָטש אויף אַ שעה... איר פאַרשטייט?"

איך האָב פאַרשטאַנען. דורך אַ זייטיקער טיר האָב איך אים אַרויסגעפירט אין דרויסן. ער האָט געבעטן אים פירן צו אַ קאַפעטעריע וואו מען סערווירט זיך אַליין.

מיט אַ טעקסי זיינען מיר געפאָרן צו אַ קאַפעטעריע אין סט. קעטרין גאַס, נעבן פּיל.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אַליין סערווירט מיט קאַווע און צובייסנס האָט ער געזאָגט:

— אַ סך ציימונגסלייט האָבן מיר געשטעלט פראַגן. איך האָב באדאַרפט געבן ענטפערס. איצט, בעט איך אייך, לאָזט מיך פרעגן אייך: וואָס דענקען קאַנאַדער יידן וועגן יידישן אַנטי-פאַשיסטישן קאָמיטעט אין ראַטן-פאַבאַנד?

מיין ענטפער איז געווען:

— אויף וויפיל דער קאָמיטעט קעמפט קעגן פאַשיזם איז זייער גוט. אָבער — האָט ער אַנדערע אויפגאַבן צו שטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן וועלטלעכן יידישן לעבן?

ער האָט געזאָגט, אַז איצט איז ניטאָ קיין וויכטיקערע זאַך פאַר יידן ווי דער קאַמף קעגן פאַשיזם. אַלע אָנשטרענגונגען מוזן געמאַכט ווערן פאַר דעם דאָזיקן קאַמף.

איך האָב איינגעשטימט, אַז דער קאַמף קעגן פאַשיזם, און דער עיקר קעגן נאַציזם, איז איצט זייער וויכטיק. אָבער, דער דאָזיקער קאַמף, האָב

איך געזאָגט, איז איצט ניט בלויז אַ קאַמף פאַר יידן. אויסער דעם דאָזיקן קאַמף האָבן דאָך יידן אַנדערע נאַציאָנאַלע אויפגאַבן וועלכע פאַראייניקן אַלע יידישע געמיינדעס, אויך די געמיינדעס פון מזרח אייראָפּע.

מיר גלויבן, האָב איך געזאָגט, אַז איר און מיכאָעלס זיינען די דירעקטע אָדער ניט־דירעקטע פאָרשטייער פון די סאָוועטישע יידן וועגן אָט דעם גרויסן ציל.

ער האָט געזאָגט, אַז כאָטש ער איז אַ מאַרקסיסט, האָט ער אָבער אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו וועלטלעכער יידישקייט. דאָס זעלבע קאָן ער אויך זאָגן וועגן אַ צאָל פון זיינע קאָלעגן פון אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט.

איך האָב אים געפרעגט: אויב ער און זיינע קאָלעגן וואָלטן צוליב דעם געגרינדעט יידישע שולן צו לערנען וועלטלעכע יידישקייט, סאָציאַליס־טישן ציוניזם, ווי אין די שולן וועלכע וועלטלעכע יידן האָבן געשאַפן אין אַמעריקע און קאַנאַדע.

נאָכדעם ווי ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט, האָט ער געזאָגט:

— „דער קאַמף קעגן פאַשיזם דאָס איז דער עיקר"...

דערמיט האָט זיך דער געשפּרעך געענדיקט.

פאָרנדיק צוריק מיט אַ טעקסי צום בוקאַרעסט־רעסטאָראַן, וואו ער און מיכאָעלס האָבן געזאָלט זיין די ערן־געסט ביי אַ לאַנטשעאָן, האָבן מיר שוין מער ניט גערעדט וועגן „וועלטלעכע יידישקייט" און אויך ניט וועגן „קאַמף קעגן פאַשיזם". פעפער האָט אויסגעדריקט באַדויערונג למאי מיר האָבן זיך פאַרעדט צופיל אין דער קאַפּעטעריע... מענטשן וועלן וואַרטן... ער האָט אויסגעקוקט ערנסט, און אפילו באַזאָרגט. ער האָט זיך געקלאָגט, אַז ער איז ניט גענוג געשלאָפן. דער מאָגן איז עפּעס ניט אין אָרדענונג. עס האָט שוין מיך פאַרדראָסן הלמאי איך האָב אים „גע'גנב'עט". איצט האָט ער אויסגעקוקט אין מיינע אויגן ווי אַ פּילנדער יידישער דיכטער, וועלכער איז שטאָלץ מיט זיין יידישקייט, אָבער ער ראַנגלט זיך מיט „מאַרקסיזם" וואָס לאָזט אים ניט זיין פריי.

איך האָב אין אים געזען אַ ייד וואָס איז אין גלות ביים מאַרקסיזם.

# די ערשטע יידישע מלחמה־אימיגראַנטן

**די גרופּע פון 80 לומדים וואָס איז געקומען דורך יאַפּאַן. — יונגע דייטשע יידן וועלכע מען האָט געבראַכט פון ענגלאַנד. — פּליטים וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט דורך פּאָרטוגאַל.**

יידישע אימיגראַנטן וועלכע האָבן זיך געקאָנט ראַטעווען פון היטלער׳ס „אייראָפּעאישער פעסטונג״ האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען אין קאַנאַדע אַ צייט פריער, איידער דער קריג האָט זיך געענדיקט.

אין 1941 איז געקומען אַ גרופּע פון לומדים. אין דער גרופּע זיינען געווען ראשי־ישיבה און זייערע תלמידים. די דאָזיקע גרופּע איז געקומען דורך יאַפּאַן.

עס זיינען געקומען אויך אַנדערע גרופּעס. דאָס זיינען גרופּעס, וועלכע האָבן געהאַט געוואַנדערט דורך סיביר ביז זיי האָבן זיך דערשלעפּט צו טאָקיאָ, אָדער שאַנכאַי. אַנדערע זיינען געקומען קיין קאַנאַדע דורך פּאָרטוגאַל. אין פּאָרטוגאַל האָבן זיי זיך אַריינגעשמוגלט פון פראַנקרייך מיט דער הילף פון דער אַנטי־נאַצישער אונטערגרונד.

די דאָזיקע אימיגראַנטן זיינען געווען פּוילישע אונטערטאַנען. די פּוילישע „רעגירונג אין גלות״ האָט פאַר זיי געקראָגן וויזעס.

נישט אַזוי גרינג איז אָנגעקומען צו פּועל׳ן ביי דער רעגירונג אין אָטאַווע, אַז זי זאָל עפענען די טויערן פון לאַנד פאַר אָט די פּליטים. עס איז געווען אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט צו אימיגראַציע מיט וועלכער די רעגירונג האָט זיך גערעכנט. אָבער פון צייט צו צייט פלעגט זי, צוליב הומאַניטאַרישע סיבות, געבן אַ דערלויבעניש פאַר אַ גרופּע פון אָט די היימלאָזע יידישע קרבנות פון נאַצי־טעראָר.

וועגן דער לומדים־גרופּע איז געווען נויטיק אָנצואווענדן אַ סך שתדלנות אין אָטאַווע. אַ גרעסערע יידישע דעלעגאַציע איז געפאָרן זען דעם אימיגראַציע־מיניסטער און אַפּעלירן צו אים ער זאָל רעווידירן אַ פריערדיקן באַשלוס וואָס איז געווען נעגאַטיוו.

אין דער דעלעגאַציע האָבן זיך באַטייליקט: סאָל העיז און מ. גאַרבער, פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס; ה. וואָלאָפּסקי, ערן־פּרעזידענט פון פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן און פּיטער בערקאָוויטש, דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט.

די דעלעגאַציע האָט געפּועלט, אַז קאַנאַדע זאָל אַריינעמען די 80 לומדים און 50 אַנדערע יידן, וועלכע האָבן נאָענטע קרובים אין קאַנאַדע.

ווען די דאָזיקע גרופּע איז אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל, האָט מען

זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. מען האָט זיי געהאָלפן צו קאָנען פאַרזעצן זייער לערנען דאָ אין לאַנד. מען האָט דאָן ניט פאַראויסגעזען, אַז פון אָט דער גרופּע וועלן אַרויסקומען צוויי גרעסערע ישיבות אין מאָנטרעאַל, די ישיבה „תומכי תמימים" (ליובאַוויטשער) און די ישיבה „מרכז התורה", וועלכע האָבן פיל בייגעטראָגן צום רעליגיעז-טראַדיציאָנעלן און דערציאונגס-וועזן פון דער יידישער געמיינדע.

* * *

עס איז געווען נאָך אַן אינטערעסאַנטע גרופּע פון יידישע פליטים וועלכע מען האָט געבראַכט קיין קאַנאַדע.

דאָס איז געווען אַ גרופּע פון דייטשע און עסטרייכישע יונגע יידן, וועלכע מען האָט געבראַכט פון ענגלאַנד אַלס „קריגס-געפאַנגענע". מען האָט זיי אינטערנירט אין ענגלאַנד דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען בירגער פון פיינטלעכע לענדער. מען האָט גוט געוואוסט, אַז זיי זיינען נישט קיין פריינט פון די רעגירונגען אין זייערע לענדער, אָבער טעכניש, לויטן געזעץ, האָט מען זיי ניט געטאָרט לאָזן אַרומגיין פריי.

די קאַנאַדער רעגירונג האָט זיי געבראַכט אַהער כדי צו העלפן די ענגלענדער. מען האָט גענומען אין אַכט, אַז אין ענגלאַנד איז ניטאָ גענוג אָרט און אויך ניט גענוג שפייז, פאַר צופיל קריגס-געפאַנגענע. ענגלאַנד האָט אויך ניט גענוג מענטשן צו היטן די געפאַנגענע. דעריבער האָט די קאַנאַדער רעגירונג אָנגעבאָטן צו איבערנעמען אַ טייל פון די געפאַנגענע און זיי באַזאָרגן מיט אָרט, מיט שפייז און מיט מענטשן צו היטן זיי, ביז דער קריג וועט זיך ענדיקן.

די דאָזיקע גרופּע האָט מען אינטערנירט אין אַ לאַגער ניט ווייט פון מאָנטרעאַל, אויפן אינדזל „איל נוואר", ביי דעם רישעליו טייך. די רעגירונג האָט געלאָזט וויסן דעם קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס וועגן דעם אָנקום פון די דאָזיקע פליטים און דערלויבט צו אינטערעסירן זיך מיט זיי נישט ווי מיט „שונאים", נאָר ווי מיט אייגענע מענטשן.

דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס און די „אָרט" אָרגאַניזאַציע זיינען באַלד געוואָרן אַקטיוו צו העלפן דער דאָזיקער גרופּע. דער „אָרט" האָט געבראַכט מאַשינען צו לערנען די יוגנטלעכע נוצלעכע טרעידס וועלכע זיינען דאַן געווען נויטיק פאַר די וואָפן-אינדוסטריעס. אַ דעלעגאַציע פון „אָרט" איז געפאָרן קיין אָטאַוואַ צו פועלן ביי דער פעדעראַלער רעגירונג, אַז זי זאָל דערלויבן איינצואָרדענען אַ טעכנישע שולע אין דעם „איל נוואר" לאַגער. אין דער דעלעגאַציע זיינען געווען: לאָרד מאַרלי, פון ענגלאַנד, דר. ד. לוואָוויטש, ביידע לייטנדע טוער פון דער וועלט-אָרט אָרגאַניזאַציע און סאָל העיז פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס.

אין יענער צייט האָט דער „אָרט" אָנגעפירט אַן אַקטיווע טעטיקייט אין מאָנטרעאַל. אונטער דער דירעקציע פון וולאַדימיר גראָסמאַן, באַוואוס-טער פובליציסט און כלל-טוער, האָט דאָ עקזיסטירט אַ טעכנישע שולע,

אָרגאַניזירט פון „אָרט" אין וועלכער מען האָט געלערנט ספּעציעלע מעטאַל־פאַכן, נוצלעכע פאַר די קריגס־אינדוסטריעס. לואי פּיטש איז געווען דאַן דער פּרעזידענט פון „אָרט".

די אינטערנירטע יונגעליייט האָבן מיט גרויס חשק געלערנט די טרעידס צו וועלכע מען האָט זיי טריינירט. אין דער זעלביקער צייט האָט מען פיל אונטערהאַנדלט מיט די רעגירונגס־אויטאָריטעטן, אַז מען זאָל ענדערן זייער סטאַטוס, זיי זאָלן ניט זיין קיין „בירגער פון אַ פיינטלעך לאַנד". מען האָט זיי ענדלעך אָנערקענט, אַז זיי זיינען ניט קיין „שונאים", נאָר פריינט פון דער דעמאָקראַטישער קאַנאַדע און פון דער דעמאָקראַטישער ענגלאַנד, און מען האָט זיי אַרויסגעלאָזט פון אינטערנירונגס־לאַגער.

* * *

עס זיינען אויך געווען, ווי געזאָגט, אימיגראַנטן וועלכע זיינען געקומען פון פּאָרטוגאַל. דאָס זיינען געווען מענער, פרויען און קינדער, וועלכע האָבן זיך ווי דורך נסים געראַטעוועט פון פראַנקרייך, דורך די פּירענעען בערג און אַריינגעקומען אין פּאָרטוגאַל, וואו זיי זיינען שוין באַשיצט פון די נאַציס.

ווען זיי זיינען געקומען אַהער, האָט זיי אויפגענומען דער יידישער אימיגראַנטן הילפס־פאַראיין. דער אָנקום פון אָט די פּליטים איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס צופרידנהייט פון דער יידישער געמיינדע. זיי האָבן דערציילט פאַנטאַסטישע געשיכטעס ווי זיי האָבן זיך געראַטעוועט. עס זיינען געווען די העלדן פון דער אַנטי־נאַציישער אונטערגרונד אין פראַנקרייך, צו וועלכע זיי זיינען געווען דאַנקבאַר פאַר זייערע לעבנס.

זיי האָבן דערציילט וועגן קריסטלעכע פאַמיליעס וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייערע אייגענע לעבנס כדי צו באַהאַלטן יידישע פרויען און קינדער, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין נאַציישע הענט. זיי האָבן דערציילט ווי קאַטוילישע גלחים און נאָנעס אין פראַנצויזישע שטעטלעך האָבן זיי באַהאַלטן אין קלויסטערס, ביז די העלדן פון דער אונטערגרונד האָבן זיי איבערגענומען. זיי זיינען געלעגן באַהאַלטן בייטאָג, אין קלויסטערס, אין סעלערס און פאַרמערשע שטאַלן, און ביינאַכט געגאַנגען דורך געהיימע בערג־וועגן, מיט קליינע קינדער אויף די הענט, ביז זיי זיינען געקומען צו דער גרענעץ פון פּאָרטוגאַל. אַפילו די קליינע קינדער, געבוירענע אין פראַנקרייך, וועלכע האָבן געקאָנט רעדן און פאַרשטיין נאָר פראַנצויזיש, האָבן פאַרשטאַנען וואָרום זיי דאַרפן זיך באַהאַלטן בייטאָג און לויפן ביינאַכט. זיי האָבן געוואוסט, אַז זייער לעבן איז אין געפאַר דערפאַר ווייל זיי זיינען „איזראַעליטס".

אָט די קליינע פּליטים פון אַמאָל זיינען היינט נוצלעכע בירגער פון קאַנאַדע.

# ווען דער מבול האָט זיך אָפּגעשטעלט

**די טאָטאַלע מפּלה פון די נאַצים. — די באַפרייטע אייראָפּע. — אויסטויש פון יידישע דעלעגאַציעס. — דער היסטאָרישער פּראָצעס אין נירענבערג.**

עס איז געווען אַ גרויסער טאָג ווען די נאַצים האָבן זיך אונטער־געגעבן, דעם 7־טן מאַי, 1945. זיי האָבן געפירט אַ טאָטאַלן קריג, אָבער זיי האָבן געליטן אַ טאָטאַלע מפּלה.

די מפּלה פון די נאַצים האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן פיל פרייד צווישן יידן אין אַלע לענדער. די פרייד איז אָבער געווען געמישט מיט טרויער. מען האָט געוואוסט, אַז די נאַצים האָבן פאַרניכטעט זעקס מיליאָן אייראָפּעאישע יידן, אַז זיי האָבן דורכגעפירט דעם גרעסטן חורבן וואָס האָט פּאַסירט אין דער יידישער געשיכטע.

דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס איז באַלד געוואָרן אַקטיוו צו העלפן ראַטעווען די יידן אין אייראָפּע וועלכע די נאַצים האָבן נישט פּאַספּעיעט צו פאַרניכטן. זיי זיינען געבליבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין פאַרשידענע פונקטן פון אייראָפּע. עס איז געווען נויטיק צו ברענגען זיי אַלערליי מעגלעכע הילף. אין דער דאָזיקער הילפס־אַרבעט האָט דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס קאָאָפּערירט מיטן „דזשאָינט" אין די שטאַטן.

אין אָנפאַנג האָט מען געהאַט געמיינט, אַז די באַפרייטע יידן וועלן באַלד קאָנען איינגעאָרדנט ווערן אין זיכערע היימען, אין ארץ ישראל, און אין אַנדערע לענדער. אָבער, ליידער, איז געווען אַנדערש. אין ארץ ישראל האָט די בריטישע מאַנדאַטן־מאַכט זיי ניט אַריינגעלאָזט און אין אַנדערע לענדער זיינען געווען אימיגראַציע־באַשרענקונגען. עס האָט גע־הערשט דער „ווייסער פּאַפּיר" פון 1939, וואָס האָט געהאַלטן פאַרשפּאַרט די טויערן פון ארץ ישראל פאַר אַ ברייטער יידישער אימיגאַציע. אין די ערשטע פאַר יאָר נאָך דעם קריג איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערער קאַמף צווישן ציוניסטן און דעם בריטישן קאָלאָניאַל־אָפּיס איבער דעם דאָזיקן פאַרבאָט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז די ענגלענדער האָבן זיך צוריק־געצויגן פון ארץ ישראל.

די באַפרייטע יידן האָבן געמוזט בלייבן אין די לאַגערן אַ לענגערע צייט. זיי האָבן דאָרט געלעבט פריי, נאַטירלעך, אָבער ניט וויסנדיק וואו זייער שטענדיקע היים וועט זיין. מען האָט זיי גערופן „דיספּלעיסד פּערסאָנס" (די־פּיס), וואָס האָט געמיינט אויסגעוואָרצלטע היימלאָזע מענטשן, וועלכע געהערן נישט צו קיין לאַנד.

יידישע רעטונגס־אָרגאַניזאַציעס פון צפון־אַמעריקע און פון ענגלאַנד זיינען באַלד געוואָרן שטאַרק אַקטיוו צו העלפן אַט די באַפרייטע יידן אין די אייראָפּעאישע לאַגערן. דער עיקר איז געווען אַקטיוו דער „דזשאָינט" פון די פאַראייניקטע שטאַטן, מיט וועלכן עס האָט קאָאָפּערירט דער פאַראייניקטער פליטים־הילפס קאָמיטעט פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס. דער דזשאָינט האָט איינגעשטעלט זיינע אָפיסעס אין פאַרשידענע טיילן פון אייראָפּע, וואו עס זיינען געווען די לאַגערן פון די פליטים, וואו מען האָט געזאָרגט פאַר זייער וואוילזיין, זיי זאָלן קומען צו זיך וואָס גיכער פון די שרעקלעכע ענוים וועלכע זיי האָבן געהאַט דורכגעלעבט אונטער די נאַצים.

צווישן די „דזשאָינט"־דירעקטאָרן אין יענער צייט איז געווען לוי בעקער, פון מאָנטרעאָל. ער האָט דירעקטירט די הליפס־אַקטיוויטעטן פון „דזשאָינט" אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. אין אַ באַריכט וועלכן ער האָט צוגעשטעלט אין אַפּריל 1946, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דער פרעסע, ווערט געזאָגט, אַז פון די 80 טויזנט יידן אין דייטשלאַנד, זיינען אַרום זעכציק טויזנט געווען אונטער זיין אויפזיכט. די מערסטע, אַרום 35,000, זיינען אין לאַגערן. אַ טייל איז אין די „הכשרה"־קעמפּס, וואו זיי גרייטן זיך פאַר ארץ ישראל, און די איבעריקע האָט מען איינגעאָרדנט אין ציווילע היימען. זיי אַלע קריגן זייער אָרעמע שפּייז־פּאָרציעס פון „אונרא", וואָס איז קוים צו האַלטן די נשמה מיטן גוף צוזאַמען. דער „דזשאָינט" באַזאָרגט זיי מיטן צוגאָב פון נויטיקן שפּייז, און מיט אַלע סאָציאַלע, קולטורעלע און רעליגיעזע באַדערפעניש.

די יידן אין די דייטשע לאַגערן זיינען זייער גערן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער דער „ווייסער פּאַפּיר" דערלויבט בלויז אַ קליינע צאָל יעדן חודש. די אימיגראַציע־סערטיפיקאַטן ווערן געגעבן צו קינדער, די מערסטע קינדער זיינען שוין גרעסערע, צווישן זיי אַזעלכע וועלכע זיינען געווען פּאַרטיזאַנען אין דעם אונטערערדישן קאַמף קעגן די נאַצים, האָט מר. בעקער באַריכטעט.

ווען מר. בעקער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע פליכטן אין אייראָפּע און זיך אומגעקערט קיין מאָנטרעאָל, האָט ער זיך ענג פאַרבונדן מיט די רעטונגס־אַקטיוויטעטן פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס און איז עד היום אַ לייטנדע פיגור אין דער פירערשאַפט פון קאָנגרעס.

באַלד ווי אייראָפּע איז געוואָרן פריי פון די נאַצים, האָט דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס באַשלאָסן צו איינשטעלן פאַרבינדונגען מיט די באַפרייטע יידישע געמיינדעס אומעטום. צוליב דעם האָט ער געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין פּוילן, צו איינשטעלן פאַרבינדונגען מיט די פּוילישע יידן, צו זען וואָס מען קאָן טאָן זיי צו העלפן. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון ה. מ. קייזערמאַן, גענעראַל־סעקרעטאַר פון קאָנגרעס און סעמועל ליפשיץ, אַ פאַרשטייער פון „יידישן פאָלקס־אָרדן", צוליב דעם

וואָס פּוילן איז געווען אונטער אַ קאָמוניסטישער רעגירונג האָט דער קאָנגרעס געפּילט פאַר פּאַסיק, אַז מר. קייזערמאַן זאָל באַגלייט ווערן פון אַ פּערזאָן וואָס איז פאַרבונדן מיט דער לינקער באַוועגונג.

אין פּוילן איז די דעלעגאַציע פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס אויפגענומען געוואָרן מיט פיל וואַרעמקייט פון די דאָרטיקע יידן. אַביסל שפּעטער איז צוליב דעם געקומען קיין קאַנאַדע אַ דעלעגאַציע פון פּוילישע יידן, אָנגעפירט פון דעם באַוואוסטן כלל-טוער און ציוניסטישן פירער, דר. עמיל זאָמערשטיין. עס איז געווען אַ גרעסערע דעלעגאַציע, אין וועלכער עס זיינען געווען פאָרשטייער פון אַלע ריכטונגען אין אָרגאַניזירטן יידישן לעבן פון פּוילן אין יענער צייט.

די דעלעגאַציע איז וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דעם קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס און פון פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן. זיי זיינען פּאַקטיש געווען די געסט פון גאַנצן קאַנאַדער יידנטום. זיי האָבן סימבאָליזירט דעם שארית-הפליטה פון אייראָפּעאישן יידנטום. זיי האָבן אויך פאַרטראָטן די יידישע העלדן וועלכע האָבן געקעמפט קעגן די נאַצים אין די געטאָס און אין די פּוילישע וועלדער אַלס מיטגלידער פון דעם אַנטי-נאַצישן אונטערגרונד.

דר. עמיל זאָמערשטיין, וועלכער איז ביז 1939 געווען אַ מיטגליד פון פּוילישן סעים, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק מיט זיין פּאַטריאָר־כאַלישן אויסזען. ער איז געווען דער הויפּט-רעדנער ביי אַ פאַרזאַמלונג אין היז מאַדזשעסטיס טעאַטער אונטערן פאָרזיץ פון מייקל גאַרבער. אין דער דעלעגאַציע איז געווען אַ יונג מיידל, חיה גראָסמאַן, 25 יאָר אַלט, זי האָט דערציילט וועגן אירע דערפאַרונגען אין דעם קאַמף קעגן די נאַצים אין וואַרשעווער געטאָ, אין 1943.

די דעלעגאַציע האָט אויך באַזוכט טאָראָנטאָ, וואו זי איז זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דער דאָרטיקער יידישער געמיינדע.

אין יענער צייט, באַלד נאָך דעם אָפּשטעל פון קריג, האָט אויס־געקוקט, אַז עס וועט זיכער אָנהאַלטן די פריינדשאַפט צווישן מזרח און מערב. מען האָט געהאַט געמיינט, אַז פּונקט ווי מען האָט, אין צייט פון קריג געקאָנט צוזאַמען שטאַרבן אין דעם טאָטאַלן קאַמף קעגן נאַציזם, אַזוי וועט מען אויך קאָנען לעבן צוזאַמען. אין יענער צייט איז געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג אונטערן נאָמען „עיד טו ראַשיאַ" (הילף צו רוסלאַנד) אין וועלכער עס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן יידן פון פאַרשידענע פּאָלי־טישע ריכטונגען און איבערצייגונגען. די דאָזיקע באַוועגונג האָט זיך פאַרנומען מיט זאַמלען געניצטע קליידער און זיי שיקן קיין רוסלאַנד, צו העלפן די דאָרטיקע מענטשן אָן אונטערשייד פון ראַסע און גלויבן.

די פריינדשאַפט צו די סאָוועטן איז געווען באַזירט דער עיקר אויף דער דאַנקבאַרקייט צו דער רויטער אַרמיי וועלכע האָט געבראַכט גרויסע קרבנות אין דעם קאַמף קעגן די נאַצים. די רויטע אַרמיי האָט שטאַרק

געליטן. אין אנפאנג איז איר געגאנגען זייער שלעכט. זי האט פארלוירן איין שלאכט נאך דער צווייטער. די נאצים האבן פארנומען א גרויסן טייל פון דער אייראפעאישער רוסלאנד. זיי האבן באלאגערט לענינגראד, פארניכטעט א צאל גרעסערע שטעט און זיינען שוין געווען נעבן די טויערן פון מאסקווע. די רויטע ארמיי האט געליטן שווערע פארלוסטן אויך ביי קיעוו און ביי כארקאוו, די צוויי גרעסערע שטעט אין אוקראאינע.

דער ערשטער און אנטשיידענער סאוועטישער זיג איז פארגעקומען אין 1944 ביי סטאלינגראד. דאס איז געווען א זיג וואס האט געטראגן א היסטארישן כאראקטער. זינט דאן האבן די נאצים אנגעהויבן גיין אויף צוריק. דאס איז געווען א קלאפ וואס האט שטארק צעשעדיקט די מעכטיקע דייטשע קריגס-מאשין. אין יענער צייט האבן די נאצים אויך געליטן א מפלה אין אל-אלאמעין, עגיפטן. דארט האט אפערירט ראמעל׳ס ארמיי, וועלכע האט געשטעלט אין געפאר דעם נאענטן מזרח, איינשליסנדיק ארץ ישראל.

דעם לעצטן קלאפ האט די נאצישע ארמיי געקראגן נעבן בערלין. ווען היטלער האט געזען, אז די רויטע ארמיי איז שוין ניט ווייט פון זיין פאלאץ, האט ער אליין זיך גענומען דאס לעבן. זיינע גענעראלן האבן זיך דאן אונטערגעגעבן צו די אליאירטע. די וויכטיקסטע פאליטישע און מיליטערישע פירער פון די נאצים האט מען באלד ארעסטירט, און אפגעשיקט קיין נירענבערג, וואו עס איז דורכגעפירט געווארן איבער זיי דער היסטארישער פראצעס פאר אן אינטערנאציאנאלן געריכט, מיט ריכטער פון אמעריקע, די סאוועטן, פראנקרייך און ענגלאנד.

דער פראצעס האט געדויערט א יאר צייט. עס איז פארגעקומען אין דער זעלבער שטאט וואו מיט ארום 10 יאר פריער האבן די נאצים פראקלאמירט פאר דער וועלט די נירענבערגער ראסן-געזעצן קעגן יידן. עס איז געווען נאטירלעך, אז די יידן פון אלע לענדער וועלכע האבן פיל געזארגט איבער די פראקלאמירטע נירענבערגער ראסן-געזעצן, זאלן זיין אממערסטן צופרידן צו דערלעבן די נקמה פון די געמשפטע ביי דעם היסטארישן נירענבערגער פראצעס. די מערסטע געמשפטע האט מען געפירט צו דער תליה. איינער פון די וויכטיקסטע נאצים, ווילהעלם גערינג, האט זיך גע׳סמט אין פריזאן, א נאכט פריער איידער מען האט אים געזאלט הענגען. איינער פון די צוויי אדער דריי נאצי-פירער וועלכע עס איז געלונגען צו אנטלויפן, איז געווען אדאלף אייכמאן. עס איז אים געלונגען צו באהאלטן זיך אין ארגענטינע און דארט לעבן א צאל איבעריקע יארן. ער איז, ווי באוואוסט, געכאפט געווארן פון יידישע געהיימע פאליציי-אגענטן, וועלכע האבן אים אויף א זייער געשיקטן אופן געבראכט קיין ישראל. דארט איז ער געמשפט געווארן פון א יידישן געריכט און איז פארמשפט געווארן צו דער תליה. ער האט געהאט דעם זעלביקן סוף ווי אנדערע נאצישע הויפט-פירער.

# אימיגראַנטן־שניידער פון די אייראָפּעאישע לאַגערן

**די לאַגע פון די באַפרייטע יידישע פּליטים נאָך היטלערס מפּלה. — פרייהייט און היימלאָזיקייט. — די דעלעגאַציע צו ברענגען שניידערס פון די דייטשע לאַגערן.**

ווען די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט, ווען די צעשלאָגענע נאַצישע אַרמייען האָבן זיך אונטערגעגעבן, איז אויטאָמאַטיש געקומען פרייהייט צו אַלע יידן וועלכע זענען געווען פאַרשפּאַרט אין היטלערס לאַגערן. צו זייער שמחה איז, נאַטירלעך, נישט געווען קיין גרענעץ. אָבער, אַ לאַנגע צייט זענען זיי נאָך געווען היימלאָז און עלנט.

אין אָנפאַנג האָט מען געהאַט געמיינט, אַז מען וועט באַלד עפענען פאַר זיי די טויערן פון די זיגרייכע לענדער און מען וועט זיי אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס. אָבער, עס איז געווען אַנדערש. זיי האָבן נאָך באַדאַרפט אַ לאַנגע צייט בלייבן אין די לאַגערן און לעבן ווי פליכטלינגען, ווי מענטשן וועלכע האָבן נישט קיין היימען.

אידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס אין די שטאַטן און אין קאַנאַדע האָבן זיך שטאַרק באַמיט צו קריגן היימען פאַר אַט די טראַגישע פליכטלינגען, אָבער קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן האָט מען נישט געקאָנט קריגן.

די קאַנאַדער רעגירונג, ווי אַנדערע מערב־רעגירונגען, האָט זיך באַצויגן זייער סימפּאַטיש צו די יידישע פליכטלינגען וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן פון היטלערס רדיפות אין דייטשלאַנד. אָבער זי האָט זיך נישט געאײַלט צו עפענען פאַר זיי די טויערן פון לאַנד. אין געוויסע קרייזן האָט מען אַגיטירט קעגן אַריינלאָזן אימיגראַנטן פון אייראָפּע. מען האָט געטענהט, אַז עס וועט נישט זיין גענוג באַשעפטיקונג פאַר די קאַנאַדער אַרבעטער אויב מען וועט אַריינלאָזן נייע מענטשן. די קעגנער האָבן אויך געזאָגט, אַז עס וועלן נישט זיין גענוג דירות. עס קאָן פירן צו אַ יקרות אויף רענט. עס איז געווען בלויז אַ קליין טירעלע דורך וועלכן די רעגירונג האָט דערלויבט דעם אַריינקום פון געוויסע געקליבענע אימיגראַנטן.

די קאַנאַדער רעגירונג האָט אין יענער צייט דערלויבט אַריינצוקומען אין לאַנד נאָר אַזעלכע אימיגראַנטן וועלכע זענען שטאַרק נויטיק פאַר געוויסע אינדוסטריעס, פאַר אַזעלכע אינדוסטריעס וועלכע קאָנען נישט קריגן אין לאַנד גענוג קוואַליפיצירטע בעלי־מלאכות. פונקט ווי נאָך דער ערשטער מלחמה אַזוי איז אויך נאָך דעם צווייטן וועלט־קריג פאַר־געקומען אַן אינדוסטריעלע עקספּאַנסיע אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. עס האָבן זיך געשאַפן שפּאָגל נייע אינדוסטריעס. די אַלטע האָבן זיך אויסגע־

ברייטערט. געוויסע פאַבריקאַנטן האָבן געזאָגט, אַז עס פעלט זיי אַרבעטס־הענט פאַר זייערע פאַבריקן.

די רעגירונג האָט דערלויבט פאַבריקאַנטן צו ברענגען קוואַליפיצירטע אַרבעטער פון אייראָפּע. זיי פלעגן דאַרפן איבערצייגן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז זיי קאָנען אַזעלכע אַרבעטער נישט קריגן אין קאַנאַדע און צווייטנס, אַז זייערע קאַנאַדער אַרבעטער זענען צופרידן, אַז זיי זאָלן ברענגען בעלי־מלאכות פון אויסלאַנד.

אין מאָנטרעאַל האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אויסצונוצן די דאָזיקע מעגלעכקייטן, כדי צו ברענגען אַ גרעסערע צאָל יידישע פּליטים פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד און עסטרייך.

די איניציאַטיווע האָט זיך אָנגעהויבן אין די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־קרייזן. די „אינטערנאַשיאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן" איז געווען די ערשטע צו פאַראינטערעסירן זיך אין דעם דאָזיקן ענין.

כדי דורכצופירן דעם דאָזיקן פּראָיעקט, איז געווען נויטיק, אַז די יוניאָן צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציע פון די פרויען־באַקליידונג פאַברי־קאַנטן, זאָלן געמיינזאַם זיך ווענדן צו דער רעגירונג און בעטן אַ דערלוי־בעניש צו ברענגען פון אייראָפּע פּליטים־אַרבעטער, קוואַליפיצירטע שניי־דערס, וועלכע זענען שטאַרק נויטיק פאַר דער אינדוסטריע.

די דאָזיקע דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן. אין 1947 איז אַ דעלעגאַציע פון דער קאַנאַדער פרויען־באַקליידונג אינדוסטריע געפאָרן קיין אייראָפּע אויסצוקלייבן קוואַליפיצירטע שניידערס. די דעלעגאַציע איז אָנגע־פירט געוואָרן פון בערנאַרד שעין, איצטיקער וויים־פּרעזידענט פון דער אינטערנאַשיאָנאַל. ער איז אויך טרעזשורער פון יידישן אַרבעטער קאָמי־טעט, וועלכער האָט אויך געהאַט צו טאָן אַ היבש ביסל מיט דער דאָזיקער הילפס־אַקציע. די אויפגאַבע פון די דעלעגאַטן איז געווען צו עקזאַמינירן די דאָרטיקע פּליטים־שניידערס, וועלכע ווילן קומען קיין קאַנאַדע, אויב זיי זענען קוואַליפיצירטע בעלי־מלאכות.

די דאָזיקע דעלעגאַציע האָט געבראַכט 4,000 שניידערס. אַרום 1,000 פון זיי זענען געווען פאַר דער מענער־באַקליידונג אינדוסטריע. זיי זענען צעטיילט געוואָרן צווישן מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ און וויניפּעג.

אָט די הילפס־אַקציע איז געווען פון אַ היסטאָרישן כאַראַקטער. פון דעם מאָמענט וואָס די יידישע פּליטים־שניידערס זענען געבראַכט געוואָרן קיין קאַנאַדע, האָבן פאַר זיי געזאָרגט דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס — די פינאַנציעלע קאָסטן פון איינאָרדענונג — און דער יידישער אימיגראַנטן הילפס־פאַראיין. די יוניאָן האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַזאָרגן זיי מיט באַשעפטיקונג אין די שעפּער.

מר. בערנאַרד שעין האָט גערעדט צום שרייבער וועגן זיינע דער־פאַרונגען אין דייטשלאַנד בעת ער איז דאָרט געקומען אין 1947, אַרום צוויי יאָר נאָכדעם ווי דער קריג האָט זיך געענדיקט. ער איז געווען

איינער פון די ערשטע ציווילע קאָנאַדער צו באַזוכן דייטשע שטעט נאָך דער נאַצישער קאַפּיטולאַציע צו די אַליאירטע. ער האָט דערציילט צווישן אַנדערס, אַז האַנאָווער איז געווען די ערשטע שטאָט וועלכע זיי האָבן באַזוכט. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן מוראדיקע חורבות פון גרויסע געביידעס. עס זענען געווען אָנגעוואָרפן בערג צעריבענע ציגל. פון אונטער די בערג צעשאָטענע און צעפּיצלטע ליים און ציגל זענען אַרויסגעקראָכן לעבעדיקע מענטשן, דערשלאָגענע נפשות.

זעענדיק אַזעלכע סצענעס פון חורבן און מפלה, האָט אַ יידישער צושויער געמוזט האָבן געמישטע געפילן. עס איז געווען דער געפיל פון נקמה. עס ליידן די דייטשן פאַר מיטגיין מיט היטלערן. זיי צאָלן דעם פּרייז פון אַ באַרעכטיקטער מפלה. זיי, די מיטגלידער פון היטלערס „הערן־ראַסע" קוקן אויס ווי צעקראָכענע ווערעמס. פון דער אַנדער זייט, מען איז דאָך פאָרט מענטשן! עס איז שווער צו זען ווי מענטשן־קינדער דאַרפן לעבן אונטער אַזעלכע טראַגישע באַדינגונגען. געפילן פון נקמה און מיטלייד האָבן זיך אויסגעמישט.

נעבן האַנאָווער איז געווען אַ טרויעריק באַרימטער טויטן־לאַגער, וואו די נאַצים האָבן געמאָרדעט זייערע קרבנות אויף אַ ברוטאַלן אופן. מר. שעין דערציילט, אַז ווען ער איז געווען נעבן לאַגער, האָט מען אים אָנגעוויזן אויף גרויסע מאַסן־קברים, אויף בערגלעך. דאָ איז אַ מאַסן־קבר פון רוסישע געפאַנגענע סאָלדאַטן; דאָ איז אַ גרויסער מאַסן־קבר פון פּאָליאַקן, און אָט זענען די גרעסערע מאַסן־קברים פון יידן. קוקנדיק אויף די קברים האָבן זיך געשטאַרקט די געפילן פון נקמה.

אין פראַנקפורט האָט מען געזען ענלעכע סצענעס. איין טייל פון שטאָט איז געבליבן גאַנץ. אַ צווייטער טייל — צעשטערט אויף פּיצלעך ציגל, ליים און צעדרייטע שטיקער אייזן. ווען די אַליאירטע פליער האָבן באָמבאַרדירט, האָבן זיי געצילט לויט אַ פּלאַן. זיי האָבן איבערגעלאָזט דעם וואָקזאַל און האָטעלן — כדי די זיגרייכע אַמעריקאַנער, ענגלענדער און פראַנצויזן זאָלן האָבן ערטער וואו צו איינשטיין נאָכן קריג.

אין שטוטגאַרט אויך די זעלביקע סצענעס. פילע דייטשן לעבן אין גריבער אונטער די חורבות. גייען אַרום איבער די גאַסן ווי שאָטנס, ווי הונגעריקע הינט וועלכע זוכן אַביסל שפּייז.

אין ווין, די הויפּט־שטאָט פון עסטרייך, וואָס איז אונטער דעם אָקו־פּאַציע־קאָנטראָל פון די סאָוועטן, זענען צעשאָטן און צעשמעטערט די גרויסע קאָאָפּעראַטיווע אַפּאַרטמענט־געביידעס וועלכע זענען געבויט גע־וואָרן פון סאָציאַליסטן פאַר אַרבעטער. די געשעפטלעכע גאַסן זענען גראָד געבליבן גאַנץ.

* * *

די אימיגראַנטן וועלכע זיי האָבן אויסגעקליבן אין די דאָזיקע שטעט,

און אויך אין זאַלצבורג, זענען געבראַכט געוואָרן קיין קאַנאַדע מיט שיפֿן. יעדער אימיגראַנט האָט געקאָנט מיטנעמען זיין פֿרוי און קינדער, צוזאַמען איז עס געווען אַ גאַנץ באַדייטנדע צאָל, וואָס האָט זיך שטאַרק אָנגעזען ווען מען האָט זיי געבראַכט קיין קאַנאַדע.

אויף אַזאַ אופֿן האָט מען געבראַכט פּליטים־שניידערס אויך פֿאַר דער מענער־באַקליידונג אינדוסטריע. אין 1948 איז געפֿאָרן אַ דעלעגאַציע, אָנגעפֿירט פֿון מאַקס פֿעדערמאַן, מענעדזשער פֿון טאָראָנטער פֿאָריערס יוניאָן, וועלכע האָט געבראַכט 500 פֿאָריער־אַרבעטער. מר. מאָריס סילקאָף, וויים־פּרעזידענט פֿון דער מילינערי יוניאָן, האָט אָנגעפֿירט מיט אַ דעלעגאַציע צו די לאַגערן, כּדי צו ברענגען פֿון דאָרט קוואַליפֿיצירטע מילינערי אַרבעטער.

אַט די געבראַכטע פּליטים האָבן אַריינגעבראַכט ניי לעבן אין דער יידישער געמיינדע. זיי זענען געווען זייער גליקלעך צו קומען אַהער. אין די שפּעטער זענען זיי אויפֿגענומען געוואָרן מיט פֿיל וואַרעמקייט און פֿריינטלעכקייט פֿון די מיטאַרבעטער.

צווישן די פּליטים וועלכע זענען געקומען אין יענער צייט, און אויך אַביסל פֿריער, ווען דער קריג איז נאָך אָנגעגאַנגען, איז געווען אַ גרופּע וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן אַ דאַנק דער הילף פֿון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אין צייט פֿון קריג געהאַט איינגעשטעלט ענגערע קאָנטאַקטן מיט דעם אַנטי־נאַצישן אונטערגרונט, וועלכער האָט אָפּערירט אין אַ צאָל אייראָפּעאישע געגנטן וועלכע זענען געווען אָקופּירט פֿון די נאַציס. דער קאָמיטעט פֿלעגט זיי שיקן פֿינאַנציעלע הילף, געזאַמלט פֿון דער אַרבעטער באַוועגונג און פֿון אַנטי־נאַצישע קרייזן אין אַמעריקע און קאַנאַדע. צוליב דעם איינפֿלוס פֿון קאָמיטעט אין די רעגירונגס־קרייזן פֿון וואַשינגטאָן, האָט ער געקראָגן וויזעס פֿאַר הונדערטער יידישע — און נישט־יידישע — טרעיד יוניאָן און סאָציאַליסטישע פֿירער וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אייראָפּע פֿון די נאַציס. הונדערטער פֿון זיי האָבן זיך באַזעצט אין די שטאַטן און אַ צאָל פֿון זיי זענען געקומען אין קאַנאַדע. אייניקע פֿון זיי אין מאָנטרעאָל פֿאַרנעמען איצט לייטנדע פּאָזיציעס אין דער אַרבעטער באַוועגונג, און ספּעציעל אין דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

# די שווערע וועגן צו פרייהייט

**דער קאַמף פאַר דער יידישער היימלאַנד אין די ערשטע פאַר יאָר נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. — די ציוניסטישע קאָנ־ווענשאָן וואָס האָט אָנגענומען דעם „דאָמיניאָן"־פּלאַן.**

באַלד נאָכדעם ווי דער צווייטער וועלט־קריג האָט זיך געענדיקט, ווען די נאַצישע הערשאַפט איז אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן, זיינען יידן געווען די ערשטע צו דערפילן די נייע פרישע לופט פון פרייהייט. אָבער די וועגן צו פולשטענדיקע פרייהייטן, ווי מען האָט געהאָט דערוואַרט, זיינען געווען ניט קיין גרינגע. ווידער איז געווען נויטיק צו קעמפן פאַר ארץ ישראל און אויך צו זוכן נייע היימען פאַר די באַפרייטע יידן פון די לאַגערן וועלכע מען האָט באַצייכנט פאַר „דיספּלייסד פּערסאָנס", אויסגעוואָרצלטע פּליטים.

אין די ערשטע פאַר יאָר נאָך דעם שלום פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די פראַגע פון ארץ ישראל געווען די וויכטיקסטע מיט וועלכער יידישע פירער האָבן זיך פאַרנומען אין צפון־אַמעריקע און ענגלאַנד.

אין 1946 האָט זיך פאַרשאַרפט דער קאַמף אין ארץ ישראל צווישן דריי צדדים: די יידן, די אַראַבער און די ענגלענדער. דער קאַמף איז געוואָרן נאָך מער פאַרביטערט אין 1947.

אין יוני 1946 האָט מען אַרעסטירט אַלע מיטגלידער פון דער אַגענטור עקזעקוטיווע. דאָס האָבן די ענגלישע באַאַמטע געטאָן כדי צו ברעכן דעם יידישן ווידערשטאַנד צום „ווייסן פּאַפּיר", וועלכער האָט באַשרענקט יידישע אימיגראַציע קיין ארץ ישראל.

די אַרעסטן פון די אַגענטור־פירער האָבן אויפגערודערט די גאַנצע יידישע וועלט. די ענגלענדער האָבן אָקופּירט די געביידע פון דער אַגענטור, אויך די אָפיסעס פון „קרן קימת" און פון „קרן היסוד". אין תל אביב האָט די בריטישע פּאָליציי „גערײַדט" די הערדקוואַטערס פון „הסתדרות", און פון דער „דבר" רעדאַקציע און פאַראורזאַכט פיל שאָדן.

צווישן די יידישע פירער וועלכע מען האָט דאַן אַרעסטירט און איינגעזעצט אין לאַטרון פּריזאָן, זיינען געווען משה שערטאָק (שרת), דוד רמז, דוב יוסף, יצחק גרינבוים, אבא חושי און דער אַלטער מזרחי־פירער הרב יהודה פישמאַן. צוויי לייטענדע טוער פון דער אַגענטור, דוד בן־גוריון און אליעזר קאַפּלאַן, זיינען דאַן ניט געווען אין לאַנד.

ווי געזאָגט: עס איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערער קאַמף צווישן דעם יידישן ישוב און די ענגלענדער. אָבער יידן זיינען ניט געווען איניק וועגן

די מעטאָדן פון דעם קאַמף. דער „אירגון", וואָס איז געווען דער מיליטערישער כוח פון „חירות" (די רעוויזיאָניסטן), האָט אַנגענומען די מעטאָדן פון טעראָר־קאַמף. מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרופּע פלעגן באַפאַלן בריטישע פּאָליציי־סטאַנציעס און פּראָוואָצירט די ענגלענדער צו אַנווענדן זיי האָבן אָבער צוליב דעם פּראָוואָצירט די ענגלענדער צו אַנווענדן האַרבע שטראָפן אויפן ישוב. פון דער אַנדער זייט האָט די „הגנה" אַגיטירט פאַר מעטאָדן פון „הבלגה" (זעלבסט איינהאַלטונג) און געוואָרנט קעגן אַנווענדן גוואַלדטאַטן. דר. ווייצמאַן און אַנדערע ציוניסטישע פירער פלעגן אויך וואָרנען קעגן די טעראָר־מעשים פון די אירגוניסטן, וועלכע האָבן געפירט דערצו, אַז די בריטישע מאַכט האָט פאַראורטיילט צום טויט 4 אירגוניסטן, פאַר מאַכן אַן איבערפאַל אויף אַ פּאָליציי־סטאַנציע, און מען האָט זיי אַלע פיר הינגעריכטעט.

דער קאַמף קעגן דער בריטישער מאַנדאַטן־מאַכט איז אָנגעפירט געוואָרן אויך אויפן פּאָליטישן פראָנט אין אַמעריקע, קאַנאַדע און ענגלאַנד. דער קאַמף איז געווען זייער דראַמאַטיש אין די ערשטע פאַר יאָר נאָך דעם צווייטן וועלט־קריג.

אין קאַנאַדע זיינען ציוניסטישע פירער ניט געווען אַזוי דינאַמיש אין דעם קאַמף ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מען האָט ניט געקאָנט איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז קאַנאַדע איז אַ טייל פון דער בריטישער קאַמאַנוועלט. מען האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דער אַלגעמיינער עפנטלעכער מיינונג. אָבער, מען האָט ניט באַהאַלטן די גוואַלדיקע אומצופרידנהייט מיט דער באַציאונג פון דער מאַנדאַטן־מאַכט צום יידישן ישוב אין ארץ ישראל.

אין אָנפאַנג 1946 איז פאָרגעקומען די 28־טע קאַנווענשאָן פון דער קאַנאַדער ציון־אָרגאַניזאַציע. דאָרט איז שטאַרק געקומען צום אויסדרוק אַט די אומצופרידנהייט און פּראָטעסט־שטימונג.

ביי דער דאָזיקער קאַנווענשאָן האָט מען פיל דעבאַטירט וועגן דעם וואָס מען זאָל פאָדערן פון ענגלאַנד, און פון דער „יונייטעד ניישאַנס" וועגן ארץ ישראל. עס זיינען געווען פאַרשידענע פּלענער, אַרום וועלכע מען האָט פיל דעבאַטירט.

עס איז געווען דער פּלאַן, אַז ארץ ישראל זאָל ווערן אַ דאָמיניאָן פון ענגלאַנד, אַ מיטגליד אין דער בריטישער קאַמאַנוועלט.

לויט דעם דאָזיקן פּלאַן וואָלט ארץ ישראל ניט געווען אינגאַנצן זעלבסטשטענדיק, אָבער די ענגלישע רעגירונג וואָלט זיך ניט געמישט אין די אינערלעכע ענינים פון ישוב, און וואָלט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר ארץ ישראל'ס זיכערקייט.

עס איז געווען אַ פּלאַן צו שטעלן ארץ ישראל אונטער אַ „טראַסטישיפּ" פון די פאַראייניקטע פעלקער. די סאָוועטן האָבן געשטיצט דעם

דאָזיקן פּלאַן, וואַרשײַנלעך זײַנען זײ געווען פּאַראינטערעסירט צו זײַן פאַרבונדן מיט אָט דער „טראַסטישיפּ" און קריגן אַ צוטריט צום נאָ־ענטן מזרח.

דער דאָזיקער פּלאַן איז ניט דורכגעגאַנגען. ווײַצמאַן איז געווען קעגן. עס וועט האָבן די זעלביקע חסרונות ווי דער בריטישער מאַנדאַט. די ייִדן וועלן ניט האָבן קײן פולשטענדיקן קאָנטראָל איבער ארץ ישראל.

עס איז געבליבן דער פּלאַן פון צעטײלונג, מען זאָל אײַנטײלן ארץ ישראל אין צוויי שטאַטן, אין אַ ייִדישן און אַראַבישן.

ווײַצמאַנען איז דער דאָזיקער פּלאַן ניט געווען געפעלן, אָבער ער האָט געראַטן צו אָננעמען, ווײַל קײן אַנדער אויסוועג איז ניטאָ. בעסער אַ קלײנע מלוכה, אָבער אַן אײגענע, אײדער זײַן אונטער אַ טראַסטישיפּ, אָדער אַ דאָמיניאָן אונטער ענגלאַנד.

בײַ דער 28־טער קאָנווענשאָן פון די קאַנאַדער ציוניסטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין טאָראָנטאָ, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע לטובת דעם פּלאַן פון אַ „דאָמיניאָן", אויב קײן בעסערער אויסוועג וועט ניט זײַן.

אין דער דאָזיקער רעזאָלוציע איז אויסגעדריקט געוואָרן שטאַרקע אַנטוישונג פון קאַנאַדער ייִדן איבער ענגלאַנד'ס באַציאונג צום ייִדישן ישוב אין ארץ ישראל און עס ווערט אונטערשטראָכן, אַז די ייִדן האָבן דעם פולסטן צוטרוי, אַז אין גרונט האָט ענגלאַנד אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמע פּאָזיטיווע באַציאונג צו די ייִדישע נויטן ווען זי האָט פּראָקלאַמירט די באַלפור־דעקלאַראַציע. אונטער אַ דאָמיניאָן־סיסטעם וועט געשאַפן ווערן די מעגלעכקײט אַז דער ציוניסטישער ציל זאָל דערגרײכט ווערן אונטער דער אויפזיכט פון ענגלאַנד.

אָבער דער פּלאַן פון „דאָמיניאָן" איז ניט געגאַנגען צו ווײַט אויסער די גרענעצן פון קאַנאַדע. אין די פאַראײניקטע שטאַטן און אין די קרײַזן פון די פאַראײניקטע נאַציאָנען האָט זיך געשטאַרקט די שטימונג פאַר אַ זעלבסטשטענדיקער ייִדישער הײמלאַנד. עס איז צוגעגאַנגען זײער שווער. ווידער איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע — אַן אַמעריקאַנער־בריטישע — צו אויספאָרשן די מעגלעכקײטן פון ארץ ישראל, צו קאָנען באַלאַנסירן צווישן אַראַבער און ייִדן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אין נאָוועמבער 1947 זאָל מען אין דער אַסעמבלי פון די פאַראײניקטע נאַציאָנען אָננעמען די רעזאָלוציע וואָס אַנערקענט ייִדישע רעכט פאַר אַ זעלבסטשטענדיק הײמלאַנד אין ארץ ישראל.

בײַ דער 29־טער קאָנווענשאָן פון דער קאַנאַדער ציון־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1948 אין אָטאַווא, האָט מען דער קאַנאַדער רעגירונג פיל געדאַנקט פאַר איר וויכטיקן בײַטראַג אין דער יו־ען אַסעמבלי צו דערמעגלעכן, אַז מדינת ישראל זאָל פּאָליטיש געשאַפן ווערן.

# דער היסטאָרישער טאָג

**ווען דער יידישער שטאַט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן. — דער אימפּאַקט אויף די יידישע געמיינדעס אין קאַנאַדע. — דער אַראַבישער קריג קעגן מדינת ישראל.**

עס איז געווען אַ גרויסער יום טוב פרייטיק דעם 14־טן מאַי, 1948. אין דעם דאָזיקן טאָג איז אין תל אָביב דורכגעפירט געוואָרן די צערע־מאָניע פון פּראָקלאַמירן די זעלבסטשטענדיקייט פון דער יידישער מדינה. דער יום טוב איז געפייערט געוואָרן אין אַלע יידישע געמיינדעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע.

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע זינט די לעצטע 2,000 יאָר, אַז עס ווערט איינגעשטעלט אַן אייגענע יידישע מלוכה. די צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אין דעם מוזעאום פון תל־אָביב. אַ טאָג פריער האָבן די ענגלענדער געלאָזט וויסן, אַז זיי ציען זיך צוריק פון ארץ ישראל.

די ענגלענדער האָבן זיך צוריקגעצויגן ניט מיט זייער גוטן ווילן. עס איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערער קאַמף צווישן דער בריטישער אַדמי־ניסטראַציע און דעם יידישן ישוב. די ענגלענדער האָבן ניט געקאָנט קאָנט־ראָלירן די יידישע איינוואַנדערונג. יידישע עולים זיינען געקומען מיט צעבראָכענע שיפלעך, ניט אַכטנדיק וואָס די ענגלענדער האָבן געהיט סיי אויפן ים, סיי ביי די האַפנס פון ארץ ישראל. ווען מען האָט געכאַפּט די איינוואַנדערער, וועלכע מען האָט באַצייכנט אַלס „אומלעגאַלע עולים", האָט מען זיי פאַרשיקט צום אינדזל ציפּערן.

די אַנטי־ציוניסטישע פּאָליסי פון דער מאַנדאַטן מאַכט האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין די דרייסיקער יאָרן. די אַראַבער האָבן אָרגאַניזירט אַ בלוטיקן ווידערשטאַנד קעגן די ציוניסטישע באַמיאונגען צו בויען דאָס לאַנד אין איינקלאַנג מיט דער באַלפור דעקלאַראַציע. כדי צו באַשיצן זיך האָט מען אין ישוב אָרגאַניזירט באַוואָפנטע כוחות קעגן די אַראַבישע טעראָריסטן. פון אָט די באַוואָפנטע יידישע כוחות האָבן זיך געלאָזט שטאַרק הערן דער „אירגון", אונטער דער אויפזיכט פון די רעוויזיאָניסטן און „הגנה" וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון אַרבעטער פּאַרטייען. ביידע באַוואָפנטע גרופּעס האָבן געגעבן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד צו דער אַנטי־ציוניסטישער פּאָליטיק פון דער בריטישער מאַנדאַטן מאַכט.

אין 1939, אין דעם יאָר ווען די נאַצים האָבן אָנגעפאַנגען די צווייטע וועלט־מלחמה, האָבן די ענגלענדער אַרויסגעגעבן דעם „ווייסן פּאַפּיר"

אָפּצושטעלן יידישע אימיגראַציע. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ סך פּראָטעסטן אין אַלע יידישע געמיינדעס. די אָרגאַניזירטע ציוניסטן אין מאָנטרעאַל האָבן געשיקט שאַרפע פּראָטעסטן צו דער בריטישער רעגירונג אין לאָנדאָן. די ציוניסטישע אַרבעטער גרופּעס האָבן פּראָטעסטירט צו דער בריטישער „לייבאָר פּאַרטיי". געוויסע פירער פון דער ענגלישער אַרבעטער פּאַטיי זיינען געווען פריינטלעך צום ציוניזם, אָבער אַנדערע, ווי די קאָלאָניאַל מיניסטאָרן פּאַספּילד און ערנסט בעווין האָבן פאַרשאַפט אַ סך פאַרדרוס און אַנטוישונג. פּאַספּילד איז געווען אַן אינטעלעקטועלער סאָציאַליסט, אַ טעאָרעטיקער און פּובליציסט. ווען ער איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ קאָלאָניאַל מיניסטער, האָט מען געמיינט, אַז ער וועט האַנדלען פולשטענדיק אין גייסט פון דער באַלפור-דעקלאַראַציע. אָבער ער האָט געטאָן אַ סך צו „אַפּיזן" די אַראַבער אויפן חשבון פון ענגלאַנדס פאַרפליכטונגען צו די ציוניסטן.

ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט האָט מען געפילט, אַז די צייט איז געקומען איצט צו פאָדערן פון די זיגרייכע מלוכות, אַז זיי זאָלן עפּעס טאָן ממשות'דיקס צו דערמעגלעכן די שאַפונג פון אַ יידיש היימלאַנד אין ארץ ישראל. עס האָט געדויערט אַ פּאָר יאָר ביז עס איז געקומען די רעזאָלוציע אין דער „יונייטעד ניישאָנס" אין נאָוועמבער 1947, אַז אין ארץ ישראל זאָל געגעבן ווערן די מעגלעכקייט צום יידישן פאָלק צו שאַפן אַ זעלבסטשטענדיק יידיש היימלאַנד.

פאַר די קאַנאַדער יידן איז עס געווען ספּעציעל אַנגענעם צו וויסן, אַז די קאַנאַדער רעגירונג האָט פיל בייגעטראָגן צו אָט דער רעזאָלוציע. פון אַלע בריטישע לענדער, מיטגלידער פון דער קאָמאָנוועלטה, האָט קאַנאַדע אַרויסגעוויזן דעם שטאַרקסטן ווילן צו העלפן די ציוניסטישע צילן. דאָס איז געווען פיל צו פאַרדאַנקן די אינטענסיווע אַקטיוויטעטן פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס און פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן אין דעם „פאַראייניקטן ציון קאָונסיל". עס איז געווען אַ גרויסער יום-טוב אין די יידישע געמיינדעס פון קאַנאַדע, ווען די יונייטעד ניישאָנס האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע וועגן ארץ ישראל.

די יו-ען האָט אָבער גאָרניט געטאָן צו בויען דעם יידישן שטאַט. דאָס האָבן געדאַרפט טאָן די יידן אַליין. און דאָס איז געטאָן געוואָרן דעם 14-טן מאַי, ווען די מדינה איז אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן. דאָס איז געווען די היסטאָרישע דאַטע פאַרן יידישן פאָלק.

# קאַנאַדע און ישראל

**דער פּאָליטישער ציוניזם אין די יאָרן פון צווייטן וועלט קריג. — די „בילטמאָר" רעזאָלוציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן. — די פאַרהאַנדלונגען וועגן ארץ ישראל אין דער יו"ען.**

די קאַנאַדער רעגירונג האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן אַ פריינטלעכע באַציאונג צו ציוניסטישע צילן. זי האָט איר פריינטשאַפט מאַניפעסטירט אפילו אין די שווערע יאָרן ווען ציוניסטן האָבן באַדאַרפט פירן אַ ביטערן קאַמף קעגן דעם בריטישן קאָלאָניאַל אָפיס. די דאָזיקע פריינטלעכע באַציאונג איז געווען סיי בעת די רעגירונג איז אָנגעפירט געוואָרן פון קאָנסערוואַטיוון, סיי פון ליבעראַלן.

אין אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן איז קאַנאַדע געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט דעם מוטערלאַנד. אָבער אין דער פּאַלעסטינער פראַגע, ווען עס איז געקומען דער פאַרלאַנג נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַן אומאָפּהענגיקער יידישער שטאַט אין ארץ־ישראל איז קאַנאַדע געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט די שטאַטן און ניט מיט ענגלאַנד.

דאָס קאָן מען אָננעמען איז געווען צו פאַרדאַנקען די אינטענסיווע אַקטיוויטעטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קאַנאַדע, וועלכע איז געוואָרן פיל שטאַרקער און מער אויסגעברייטערט אין די דרייסיקער יאָרן און אין די יאָרן פון קריג.

קאַנאַדע האָט מער ווי אַלעמאָל מאַניפעסטירט איר פריינטשאַפט צו ציוניזם אין 1947, ווען די פאַראייניקטע פעלקער האָבן אויפגענומען דעם פּאַלעסטינער פּראָבלעם, און דעם פאַרלאַנג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע וועגן שאַפן אַ יידישע מדינה אין ארץ ישראל וואָס איז געווען אונטער דעם בריטישן מאַנדאַט. אין דער צייט וואָס דער צווייטער וועלט קריג איז אָנגעגאַנגען האָט מען אין ארץ ישראל אויפגענומען אַ גרויסע אימיגראַציע פון יידישע פּליטים. עס וואָלטן געקאָנט אַריינקומען אַ סך מער ווען די בריטישע מאַכט וואָלט ניט אָנגעווענדעט אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו די ציוניסטישע צילן, כדי צו באַפרידיקן די אַראַבער, וועלכע האָבן זיך שטאַרק געבונטעוועט קעגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע און קעגן יידישער אימיגראַציע.

אין יענעם פּעריאָד, אין אָנפאַנג פון די פערציקער יאָרן איז די ציוניסטישע איניציאַטיווע אַריבער אינגאַנצן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. די אַמעריקאַנער ציוניסטן האָבן דאַן אָנגענומען דעם

שטאַנדפּונקט, אַז באַלד ווי דער קריג וועט זיך ענדיקן זאָל מען פאָדערן פון דער וועלט, אַז דער בריטישער מאַנדאַט זאָל זיך ענדיקן און ארץ־ישראל זאָל פּראָקלאַמירט ווערן פאַר אַ יידישן שטאַט.

אַט דער פאַרלאַנג איז געקומען צום אויסדרוק ביי אַ היסטאָרישער קאָנווענשאָן פון אַמעריקאַנער ציוניסטן אין 1942 וואָס איז פאָרגעקומען אין בילטמאָר האָטעל פון ניו יאָרק. דער באַשלוס וואָס איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן איז אַ לאַנגע צייט געווען באַוואוסט אַלס די „בילטמאָר רעזאָלוציע".

אין יענער צייט האָט מען גערעכנט, אַז נאָך דער מלחמה וועט אַמעריקע זיין די שטאַרקסטע מאַכט צווישן די מערב־לענדער. ענגלאַנד וועט אַרויסקומען שוואַך פון דער מלחמה, אפילו ווען די דייטשן זאָלן פאַרלירן. די ענגלענדער, האָט מען אָנגענומען, וועלן ניט קאָנען באַלאַנסירן צווישן די יידן און די אַראַבער. צוליב זייערע (אויל) אינטערעסן אויפן נאָענטן מזרח וועלן זיי ניט קאָנען זיין יושר'דיק צו די צילן פון ציוניזם.

ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט זיינען פאָרגעקומען וואַלן אין ענגלאַנד. די קאָנסערוואַטיוון האָבן פאַרלוירן. די אַרבעטער פּאַרטיי איז געקומען צו דער מאַכט. קלעמענט עטלי איז געוואָרן פּרעמיער.

אין ציוניסטישע קרייזן, איבערהויפּט די אַרבעטער־ציוניסטן, האָבן געהאָפט, אַז די באַציאונג פון קאָלאָניאַל אָפּיס וועט זיך פאַרבעסערן. מען האָט אָנגענומען, אַז די סאָציאַליסטן פון דער „לייבאָר פּאַרטיי" וועלן האָבן מער איינזעעניש מיט די יידן אין ארץ ישראל, אַז זיי וועלן נעמען אין אַכט: ערשטנס, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט מורא'דיק געליטן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה; צווייטנס; אַז אין ארץ ישראל שפּילן די יידישע סאָציאַליסטן אַ לייטנדיקע ראָלע אין דעם אויפבוי פון אַ נייער יידישער געזעלשאַפט.

אָבער, ווידער זיינען געקומען פיינלעכע אַנטוישונגען. דער קאָלאָניאַל מיניסטער פון דער אַרבעטער רעגירונג, ערנסט בעווין, האָט זיך קאַטעגאָריש אַנטזאָגט אָפּצושאַפן דעם „ווייסן פּאַפּיר" פון 1939 וואָס באַשרענקט יידישע אימיגראַציע. נייע רייבונגען האָבן זיך אַנטוויקלט צווישן דעם ישוב אין ארץ ישראל און דעם בריטישן קאָלאָניאַל אָפּיס.

אין 1947 האָט זיך די פּאָליטישע אַרבעט פון דער יידישער אַגענטור אַריבערגעטראָגן צו דער וועלט־אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. די יידישע פירער זיינען געקומען מיטן פאַרלאַנג איינצושטעלן אַ יידיש היימלאַנד אין ארץ ישראל און מאַכן אַ סוף צו יידישער היימלאָזיקייט.

די גענעראַל־אַסעמבלי פון די פאַראייניקטע פעלקער האָט אויפגענומען פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענטור ביי איר סעסיע פון מאַי 1947. אַלע אַספּעקטן פון דעם פּאַלעסטינער פּראָבלעם זיינען דאַן פאַרהאַנדלט געוואָרן. די אַסעמבלי האָט באַשטימט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט

אויסצופאָרשן די גאַנצע פראַגע פון ארץ ישראל און די אַראַבער און צושטעלן רעקאָמענדאַציעס ווי צו האַנדלען.

די 11 מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן זייער באַריכט צוגעשטעלט מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, אָנפאַנג האַרבסט. דער תמצית פון באַריכט איז געווען: ענגלאַנדס מאַנדאַט ווערט געענדיקט; ארץ ישראל דאַרף צעטיילט ווערן אין צוויי באַזונדערע שטאַטן, אַ יידישן און אַן אַראַבישן, אַז ביידע שטאַטן זאָלן קאָאָפּערירן עקאָנאָמיש פאַרן וואוילזיין פון ביידע פעלקער.

קאַנאַדער פאָרשטייער אין דער יו״ען האָבן דאַן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. די אַראַבישע מלוכות, און אייניקע אַנדערע, האָבן שטאַרק געקעמפט קעגן אַ יידישן שטאַט אין ארץ ישראל. די אָפּשטימונג איז פאָרגעקומען סוף נאָוועמבער. אַ מערהייט פון 33 מיטגלידער האָט געשטימט פאַר אַ יידישן היימלאַנד. צווישן די לענדער, וועלכע האָבן זיך צוריקגעהאַלטן פון שטימען איז געווען ענגלאַנד. קאַנאַדע האָט אין דער דאָזיקער אָנגעלעגנהייט נאָכגעפאָלגט מער וואַשינגטאָן ווי לאָנדאָן.

אין דער צייט ווען די פאַרהאַנדלונגען וועגן ארץ ישראל זיינען אָנגעגאַנגען אין דער יו״ען איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן דעם אָפּיס פון אויסערן־מיניסטער אין אָטאַווא, האָנ. לואי סט. לאָראַן, וועלכער איז דערנאָך געוואָרן פּרעמיער מיניסטער. די רעדאַקציע פון „קענעדער אָדלער״ האָט מיך געשיקט צו קריגן פון אים אַ קלאָרע דערקלערונג וועגן קאַנאַדעס שטעלונג צום יידישן פּראָבלעם אין ארץ ישראל.

צום מיניסטער בין איך געקומען אין באַגלייטונג פון מאָריס האַרט, יידישער דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט.

אין זיין דערקלערונג האָט לואי סט. לאָראַן געזאָגט צווישן אַנדערס:

„איך בין גליקלעך וואָס מיין רעגירונג קאָן ביישטייערן איר חלק צו דער רעאַליזירונג פון אַ יידישן שטאַט אין ארץ ישראל. דאָס איז אַ רעאַליזירונג פון אַ געטלעכע נבואה אין אונדזער צייט. מיר ווייסן, אַז דאָס וועט זיין אַ גליק סיי פאַרן יידישן פאָלק, סיי פאַר די אַראַבישע פעלקער. מיר זיינען פריינטלעך סיי צו יידן, סיי צו די אַראַבער. מיר זיינען זיכער, אַז ביידע פעלקער קאָנען לעבן גליקלעך אין פרידן, אַזוי ווי ביי אונדז אין קאַנאַדע לעבן פאַרשיידענע ראַסן אין גייסט פון האַרמאָני, טאָלעראַנץ און פריינטשאַפט״.

מר. סט. לאָראַן און דער איצטיקער פּרעמיער, לעסטער פּירסאָן, וועלכער איז דאַן געווען אין דינסט פון אויסערן־מיניסטעריום, און קאַנאַדעס פאָרשטייער אין דער פאַראייניקטער פעלקער אָרגאַניזאַציע האָבן זיכער אַ סך ביישטאַגן צו דער פּאָליטישער שאַפונג פון מדינת ישראל.

# די איינפלוסן פון ישראל

**די באַציאונגען צווישן ציוניסטן און נישט־ציוניסטן. — די באַריכטן פון יידישן העראָאיזם און גבורות. — אויסברייטערונג פון דער העברעאישער באַוועגונג. — פראָבלעמען פון ציוניזם.**

מיט דער שאַפונג פון יידישן שטאַט אין ישראל האָט זיך שטאַרק געהויבן דער נאַציאָנאַלער פרעסטיזש פון יידישן פאָלק אין אַלע לענדער, אויך אין קאַנאַדע.

דער אימפּאַקט פון דער דאָזיקער היסטאָרישער געשעעניש האָט פיל געווירקט צו פאַראייניקן מער אַלע שיכטן און ריכטונגען פון יידישן ישוב. עס האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן דער אונטערשייד פון ציוניסטן און נישט־ציוניסטן. עס האָט אויסגעקוקט, אַז אַלע יידן אָן אונטערשייד זיינען שטאַרק באַגייסטערט פאַר אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיטן נייעם יידישן שטאַט, אַז אַלע זיינען גרייט צו העלפן אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער מדינה, כדי זי זאָל קאָנען אַריינגעמען וואָס מער עולים, וועלכע וועלן — ווי מען האָט זיך געהאַט פאָרגעשטעלט — שטראָמען פון פאַרשידענע לענדער, אויך פון אַמעריקע און פון קאַנאַדע.

עטלעכע וואָכן נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה זיינען די ידיעות פון ישראל נישט געווען קיין פריילעכע. אַראַבישע אַרמייען האָבן געפירט קריג קעגן דעם יונגן שטאַט און זיך פאַרמאָסטן צו פאַרטרייבן אַלע יידן אין ים. אָבער מען האָט געהאָפט, אַז די העלדישע ישראל אַרמיי וועט קאָנען פאַרטיידיקן די יידישע מדינה און פאַרמיידן די אַראַבער זאָלן דורכפירן נאָך אַ חורבן.

און די האָפענונגען זיינען דערפילט געוואָרן. די יוגנט פון ישראל האָט איבעראַשט די אַראַבער מיט זייער מוט און גבורה. די שנעל־אָרגאַניזירטע יידישע אַרמיי האָט געשלאָגן אויף צוריק און געשלאָגן זייער שטאַרק.

דער אַראַבישער אָנפאַל איז געווען אַ „טשאַלענדזש" צו דער יידישער יוגנט אויך פון אַנדערע לענדער. אין יענע טעג האָט מען געהערט פון אַמעריקאַנער און קאַנאַדער יידישע יונגעלייט, וועלכע קעמפן אין די רייען פון דער העלדישער ישראל אַרמיי און העלפן פאַרטיידיקן דעם יונגן יידישן שטאַט.

ווען ישראל האָט געוואונען דעם קריג, איז דער יידישער פרעסטיזש ווידער געשטיגן. מען האָט געזען די יידן אין אַן אַנדער ליכט. מען האָט

געזען ווי יידן קעמפן מיט וואָפן קעגן זייערע שונאים, קעמפן מיט מוט און העראָאיזם.

אַט דער העראָאיזם איז פאַר יידן ניט געווען קיין נייעס. מען האָט מיט עטלעכע יאָר פריער געהערט פֿון יידישן העראָאיזם אין דער וואַרשעווער געטאָ און אין אַנדערע געטאָס.

אין דער וואַרשעווער געטאָ האָבן די נאַצים געקראָגן שטאַרקע קלעפּ. זיי האָבן טאַקע פֿאַרניכטעט די געטאָ, אומגעבראַכט צענדליקער טויזנטער יידן, אָבער זיי האָבן דערפֿאַר געצאָלט אַ טייערן פּרייז. עטלעכע טעג האָבן זיי באַדאַרפֿט קעמפֿן קעגן די געטאָ-יידן, טויזנטער דייטשע סאָלדאַטן זיינען געפֿאַלן אין דער דאָזיקער שלאַכט.

יידישער העראָאיזם האָט זיך אויך אַנגעזען אין דעם אונטערערדישן קאַמף וואָס איז געפֿירט געוואָרן קעגן די נאַצים אין פֿאַרשידענע טיילן פֿון אייראָפּע וועלכע די נאַצים האָבן אָקופּירט. פילע יידן, מענער און פֿרויען, האָבן זיך אויסגעצייכנט אין אַט די אונטערערדישע קאַמפֿן. פֿון ארץ ישראל פֿלעגט מען שיקן מוטיקע גערילאַ-קעמפֿער צו באַטייליקן זיך אין די סאַבאָטאַזש-אַקציעס קעגן די נאַצים. מען פֿלעגט זיי מיט פֿאַראַשוטן אַרונטער-לאָזן אין די געגנטן וועלכע זיינען געווען אָקופּירט פֿון די נאַצים. זיי האָבן, נאַטירלעך, ריזיקירט מיט זייערע לעבנס. אַ מוסטער פֿון אַט די סאָרטן העלדן איז געווען די יונגע פֿרוי חנה סענעש. זי האָט זיך מיט אַ פֿאַראַשוט אַרונטערגעלאָזט אין אונגאַרן. איר הויפּט-ציל איז געווען צו זוכן יונגע יידן וועלכע זאָלן קאָנען אַרויסגעשמוגלט ווערן פֿון היטלערס אייראָפּעיִשער פֿעסטונג און געבראַכט ווערן קיין ארץ ישראל. חנה סענעש איז געכאַפּט געוואָרן. די נאַצים האָבן זי הינגעריכטעט. איר נאָמען איז געבליבן דער סימבאָל פֿון יידישן העראָאיזם און קדוש-השם אידעאַליזם.

דער העראָאיזם וואָס איז אַרויסגעוויזן געוואָרן פֿון דער יידישער יוגנט אין ישראל, בעת דער באַפֿרייאונגס-מלחמה, איז געווען פֿון אַ היסטאָרישן כאַראַקטער, וואָס האָט אַרויסגערופֿן באַוואונדערונג אין דער גאַנצער וועלט.

*   *   *

דער איינפֿלוס פֿון מדינת ישראל האָט אויך געווירקט אויף אַלע אַספּעקטן פֿון יידישן לעבן, אויפֿן געזעלשאַפֿטלעכן געביט און אויפֿן קולטורעלן.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן יידישע דיפּלאָמאַטן וועלכע האָבן סימ-באָליזירט יידישע מלוכהשאַפֿט און נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט. דער ערשטער דיפּלאָמאַט פֿון ישראל, וועלכער איז געקומען קיין קאַנאַדע אַלס אָפֿיציעלער פֿאַרשטייער פֿון דער יידישער מדינה, איז געווען אברהם האַרמאַן, וועלכער איז איצט ישראל'ס אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. פֿאַר קאַנאַדער יידן איז עס געווען אַ היסטאָרישע געשעעניש. נאָך האַרמאַנען

איז מיכאל קאַמעי געקומען קיין אָטאַוואַ אַלס ישראל׳ס ערשטער אַמבאַ־סאַדאָר צו קאַנאַדע.

עס האָט זיך געשטאַרקט די באַציאונג צו יידישן חנוך און די העברע־אישע קולטור־באַוועגונג האָט צוגעקראָגן פיל אַנזען און חשיבות. די העב־רעאישע אָרגאַניזאַציע „קרן התרבות" איז געוואָרן אַ וויכטיקער כוח צו בויען דעם גייסטיקן און קולטורעלן בריק וואָס פאַרבינדט די יידן פון קאַנאַדע מיט מדינת ישראל. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, אונטער דער פירער־שאַפט פון זלמן גאָרדאָן, נאַציאָנאַלער פּרעזידענט, האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם שוואונג אין העברעאישער דערציאונג, סיי פאַר יוגנטלעכע, סיי פאַר דערוואַקסענע. זי איז געוואָרן די קולטורעלע אָפּטיילונג פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע אין קאַנאַדע.

עס האָבן זיך באַדייטנד אויסגעברייטערט די אַקטיוויטעטן פאַר אַלע פאָנדן וועלכע ווערן געזאַמלט צו העלפן אַנטוויקלען דיווירטשאַפטן פון ישראל. עס האָבן זיך געשאַפן נייע געזעלשאַפטן צו אַנטוויקלען מסחר צווישן קאַנאַדע און דעם יידישן שטאַט; עס האָבן זיך געגרינדעט קאָרפּאָראַציעס צו אינוועסטירן קאַפּיטאַלן אין ישראל אונטערנעמונגען, צו פאַרקויפן ישראל־באָנדס. אין אָט די אַלע אַקציעס באַטייליקן זיך סיי ציוניסטן סיי ניט־ציוניסטן.

אַן אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „קאַנאַדער־פּאַלעסטינע קאָרפּאָ־ראַציע (קאַנפּאַל) האָט זיך געשאַפן מיטן ציל צו איינשטעלן מסחר־פאַר־בינדונגען צווישן קאַנאַדע און ישראל. די דאָזיקע געזעלשאַפט, אונטער דער לייטונג פון מר. באַרני אַראָן, נאַציאָנאַלער פּרעזידענט, האָט אַנטוויקלט אַ גרעסערן האַנדלס־פאַרקער צווישן ביידע לענדער, וואָס ווערט גרעסער מיט יעדן יאָר.

שפּעטער האָבן זיך געשאַפן נאָך געזעלשאַפטן פאַר פּראַקטישע אינ־וועסטירונגען אין מדינת ישראל.

צוליב דעם וואָס ניט־ציוניסטן זיינען אויך אַקטיוו צו זאַמלען גרויסע פאָנדן פאַר ישראל, דורך דעם פאַרקויף פון באָנדס, אָדער דורך דעם פאַר־אייניקטן ישראל אַפּיל, איז פון אַ פּראַקטישן שטאַנדפּונקט, פאַרקלענערט געוואָרן דער אונטערשייד צווישן ציוניסטישע יידן און ניט־ציוניסטישע. אין געוויסע קרייזן זעט מען בכלל ניט קיין אונטערשייד. דאָס רופט אַרויס אָפט די פראַגע: איז נויטיק איצט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע? אָפט הערט מען, און דווקא פון ציוניסטן, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג לעבט דורך אַ קריזיס. אַז ניט־ציוניסטן האָבן איבערגענומען די ציוניסטישע אַרבעטן און פאַר די ציוניסטן איז ניט געבליבן קיין סך צו טאָן.

ציוניסטישע פירער זיינען טאַקע איצט פיל פאַרנומען מיט דעפינירן וואָס עס דאַרפן זיין די ספּעציפישע פליכטן פון אָרגאַניזירטע ציוניסטן. ביי ציוניסטישע אַסיפות — קאָנווענשאָנס אָדער סעמינאַרן — שטייט די

דאָזיקע פֿראַגע אויפֿן טאָג־אָרדענונג און מען דעבאַטירט וועגן איר זייער פֿיל. דער פּראַקטישסטער ענטפֿער וואָס ווערט געגעבן פֿון ציוניסטישע פֿירער איז, אַז אָרגאַניזירטע ציוניסטן האָבן אַ טיפֿערן באַוואוסטזיין פֿאַר די נויטן און פּראָבלעמען פֿון ישראל, אַז זיי, די ציוניסטן, אַרבעטן — אָדער דאַרפֿן אַרבעטן — מער פֿאַר דער העברעאישער קולטור וואָס זאָל פֿאַר־בינדן די יידן פֿון ישראל מיט די יידן פֿון די תפֿוצות.

עס זיינען אויך פֿאַראַן ציוניסטן וועלכע זיינען גאָרניט באַזאָרגט וועגן דעם דאָזיקן „קריזיס”. פֿאַרקערט, זיי זיינען שטאַרק צופֿרידן. עס טוט זיי הנאה צו זען, אַז ניט־ציוניסטן זיינען אַזוי באַגייסטערט און אַזוי ענטוזיאַסטיש צו זאַמלען פֿאָנדן פֿאַר ישראל. זיי גלויבן, אַז אַזאַ סאָרט „קריזיס” איז אַ צייכן פֿון אויפֿשוואונג און פֿאַרשטאַרקונג פֿון יידישן באַוואוסטזיין, און יידישער אחדות און ניט פֿון ירידה.

אָט די ציוניסטן האַלטן, אַז עס איז אַ גליק פֿאַר ישראל וואָס מדינת ישראל ווערט געשטיצט אַפֿילו פֿון ניט־ציוניסטן, אַפֿילו פֿון אַזעלכע יידן וועלכע קוקן אוים ווי אַסימילירט און אָפּגעפֿרעמדט פֿון אַקטיווער יידישקייט.

אין די קרייזן פֿון אָרגאַניזירטע ציוניסטן איז מען נאַטירלעך מער באַזאָרגט וועגן דער צוקונפֿט. עס איז די פֿראַגע ווי וועט האַנדלען דער קומענדער דור וואָס וועט זיין אָפּגערוקט פֿון די דראַמאַטישע און דינאַמישע היסטאָרישע געשעענישן וועלכע זיינען פֿאָרגעקומען אין דער יידישער וועלט אין אונדזער צייט? ! וועלן די קומענדע דורות אויך קאָנען ווערן באַווירקט ווי דער איצטיקער דור פֿון די ישראל איינפֿלוסן? די דאָזיקע פֿראַגע איז ניט אַזוי אַקטועל אין די קרייזן פֿון ניט־ציוניסטן, אַפֿילו אין אַזעלכע וואו מען פֿאַרנעמט זך מיט גרויסע קאַמפּיינס פֿאַר ישראל פֿאָנדן.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דערווייל גרויסע אויפֿגאַבן. אויסער זאַמלען געלט פֿאַר ישראל זיינען פֿאַראַן אַנדערע פֿליכטן. עס זיינען די קולטורעלע און דערציערישע פֿליכטן און אויך די „פּאַבליק רילייטשאָנס” לייסטונגען. עס איז די אויפֿגאַבע פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג צו באַשיצן דעם גוטן נאָמען און ווירדע פֿון ישראל פֿון אָפֿענע און באַהאַל־טענע שונאים וועלכע קאָנען ברענגען פֿיל שאָדן דעם יידישן שטאַט.

די ציוניסטישע אַרבעטער באַוועגונג, אויך די מזרחי באַוועגונג, זיינען פֿאַרנומען מיט זייערע ספּעציפֿישע אַקטיוויטעטן פֿאַר ישראל. געוויסע אַקטיוויטעטן טראָגן אַ געמיינשאַפֿטלעכן כאַראַקטער און זיי ווערן דורכ־געפֿירט בשותפֿות דורך דעם „פֿאַראייניקטן ציון קאונסיל”. דער פּרעזידענט פֿון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, יוסף פֿראַנק, איז דער פּרעזידענט פֿון דעם דאָזיקן פֿאַראייניקטן ציון־קאָונסיל.

# היסטאָרישע יידישע יובילעאומס

**די יובילעאומס וועלכע באַצייכענען דעם היסטאָרישן כאַראַקטער פון קאַנאַדער יידישן ישוב. — דער גייסטיקער יסוד וואָס פאַראייניקט אַלע ריכטונגען אין דער יידישער געמיינדע.**

דער יידישער ישוב אין קאַנאַדע האָט זיך שוין גוט באַפעסטיקט. די מערסטע יידן זיינען שוין קאַנאַדער געבוירענע, גוט אינטעגרירט עקאָנאָמיש, קולטורעל אין אַלגעמיינעם לעבן פון לאַנד.

אויף וויפל דער יידישער ישוב פון קאַנאַדע איז ניט קיין יונגער, ווייזן איניקע היסטאָרישע יובילעאומס וועלכע זיינען געפייערט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן. דורך זיי ווערט אָפּגעשפיגלט, אַז דער ישוב האָט שוין אַ לאַנגע פאַרגאַנגענהייט.

אין 1959 האָט דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס פּראָקלאַמירט אַ גאַנצן יובל־יאָר צו פייערן 200 יאָר יידיש לעבן אין קאַנאַדע.

אין אַלע יידישע געמיינדעס פון לאַנד האָט מען געפייערט דעם דאָזיקן יובילײ. דער יידישער ישוב האָט זיך אָנגעהויבן אין 1760. דער ערשטער ייד וואָס איז אַריינגעקומען אין קאַנאַדע איז געווען אַן אָפיצער פון דער בריטישער אַרמיי. ער איז געקומען אַהער בעת דאָס ענגלישע מיליטער האָט איינגענומען קוויבעק פון די פראַנצויזן. ווען קאַנאַדע איז געווען אַ פראַנצויזישע קאָלאָניע, זיינען דאָ קיין יידן ניט געווען.

אַ צווייטע וויכטיקע יובילײ־פייערונג פון אַ היסטאָרישן כאַראַקטער איז פאָרגעקומען אין 1918, ווען ס'איז געפייערט געוואָרן דער 150־יאָריקער יובילײ פון דער ערשטער שול אין מאָנטרעאַל — די שפּאַניש פּאָרטוגעזער שול (שארית ישראל), וואָס איז געבויט געוואָרן אין יאָר 1768.

די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע שול איז געבויט געוואָרן פון יידן וועלכע האָבן געשטאַמט פון יידישע פאַמיליעס אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. פון דאָרט האָבן יענע יידן עמיגרירט קיין האָלאַנד, אָדער בעלגיע אָדער ענגלאַנד. נאָכער האָבן זייערע קינדער עמיגרירט קיין קאַנאַדע. דאָ געגרינדעט די ערשטע שול, און געלייגט דעם יסוד פון רעליגיעזן יידישן לעבן אין לאַנד.

די צווייטע עלטסטע שול פון מאָנטרעאַל — די שערי השמים שול — האָט אין מיטן פון די פערציקער יאָרן געפייערט איר 100־יאָריקן יובילעאום. די ערשטע מתפללים פון דער דאָזיקער שול זיינען געווען מערסטנס דייטשע יידן. אַ לאַנגע צייט האָט מען זי גערופן „די דייטשע שול״.

אַ לאַנגע צייט זיינען אין מאָנטרעאַל געווען בלויז שפּאַנישע יידן.

אין אָנפאַנג פון פאַריקן יאָרהונדערט האָבֿן אָנגעהויבֿן אַריינקומען דייטשע ייִדן. זיי זיינען געקומען אַהער ווייל אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך זיינען געווען פּאָליטישע אומרוען פון וועלכע זיי האָבֿן געוואָלט אַנטלויפן. עס איז געווען שווער פאַר ייִדן צו לעבֿן אונטער די דעספּאָטן פון יענער צייט.

די מערסטע דייטשע און שפּאַנישע ייִדן האָבֿן זיך אַסימילירט און אויסגעמישט מיט דער ניט־ייִדישער באַפעלקערונג. די אַסימילאַציע איז געווען אַ נאַטירלעכע. די עלטערן האָבֿן אויסער דער סינאַגאָגע ניט געהאַט קיין אינסטיטוציעס אָדער אַקטיוויטעטן צוצובינדן זייערע קינדער צו ייִדישקייט. די קינדער האָבֿן געלעבט אין אַ קריסטלעכער אַטמאָספערע און געהייראַט מיט קריסטן. די קאָנגרעגיישאָנס וועלכע זיי האָבֿן געבויט זיינען מיט דער צייט אַריבער צו מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן, וועלכע האָבֿן אין קאַנאַדע אַריינגעבראַכט ניט בלויז דאָגמאַטישע רעליגיע, נאָר אויך טראַדיציע, וואָס האָט זיי געהאַלטן צוגעבונדן צום ברייזנדיקן אינטענסיוון ייִדישן לעבֿן פון אייראָפּע.

אין ביידע היסטאָרישע שולן, אין דער שפּאַניש־פּאָרטוגעזישער און אין דער שער־השמים, דאַוונען איצט ייִדן וועלכע זיינען געבוירן אין קאַנאַדע, אָבער שטאַמען פון רוסישע, פּוילישע און רומענישע ייִדן. אויך די ראַבײַם זיינען שוין ניט מער פון די שפּאַנישע אָדער פון די דייטשע ייִדישע פאַמיליעס. אין דער שפּאַנישער שול איז דער גייסטיקער מנהיג, ראַבײַ דר. סאָלאָמאָן פראַנק, וועלכער איז געבראַכט געוואָרן אַהער פון וויניפּעג. אין דער שער השמים שול איז ראַבײַ ווילפריד שושאַט דער גייסטיקער מנהיג. ראַבײַ שושאַט איז פון אַ מאָנטרעאַלער פאַמיליע, אַ געוועזענער תלמיד פון די מאָנטרעאַלער תלמוד־תורה׳ס. ווען ער האָט איבערגענומען דעם אַמט אין 1946, אַ יאָר נאָכדעם ווי ער האָט גראַדואירט פון ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, איז ער געווען איינער פון די איינגסטע ראַבײַם אין לאַנד.

* * *

נאָך אַ וויכטיקע היסטאָרישע יובֿילײַ פייערונג איז דורכגעפירט גע־וואָרן אין זומער 1963. עס איז געפייערט געוואָרן 100 יאָר עקזיסטענץ פון באַראָן דע הירש אינסטיטוט אין מאָנטרעאַל.

די געשיכטע פון באַראָן דע הירש אינסטיטוט מיינט געשיכטע פון אָרגאַניזירטער ייִדישער געמיינדע אין מאָנטרעאַל. אין יאָר 1863 האָט זיך געשאַפן אין מאָנטרעאַל דער ערשטער ייִדישער פאַראיין, פאַר סאָציאַלע און פילאַנטראָפּישע צוועקן. דאָס איז געווען די ערשטע ייִדישע אָרגאַ־ניזאַציע פון וועלכער עס האָט זיך אַנטוויקלט נאָכער די געמיינדע. די פייערונג פון דאָזיקן יובֿילײַ איז דורכגעפירט געוואָרן פון אַ געמיינדע קאָמיטעט אונטערן פאָרזיץ פון מר. האַרייס קאָהען, וועמענס פאַמיליע, פאָטער, זיידע און אָנקל, זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער פירערשאַפט

פון דער געמיינדע. די פייערונג איז פאָרגעקומען בײַ אַ דינער אין קווין עליזאַבעט האָטעל. צווישן די געסט באַגריסער זיינען געווען פאָרשטייער פון דער פּראָווינציעלער רעגירונג און פון דער פעדעראַלער.

* * *

אַט די איינציקע יובּילײ־פּייערונגען סימבּאָליזירן דעם היסטאָרישן כאַ־ראַקטער פון קאַנאַדער יידנטום. זיי ווייזן, אַז דער ישוב איז שוין נישט קיין יונגער, אַז ער איז שוין גענוג רייף און האָט שוין הינטער זיך פיל טראַדיציע און געשיכטלעכע אַנטוויקלונג.

פון דער אַנדער זייט איז דער ישוב נאָך ניט גענוג שטאַרק גייסטיק און קולטורעל, ער זאָל קאָנען שטיין אויף זיינע אייגענע פיס. זיינע גייסטיקע כוחות מוזן זיין פאַרבונדן מיט יידישע ישובים אין אַנדערע לענדער, דער עיקר מיט מדינת ישראל.

איידער דער יידישער שטאַט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, איז ארץ ישראל געווען אַן ענין דער עיקר פאַר ציוניסטן. נאָך דער גרינדונג פון דער מדינה איז די זאָרג פאַר ישראל'ס עקזיסטענץ אַריבער צו אַלע יידן און איז געוואָרן אַ וויכטיקער טייל פון דער גאַנצער געמיינדעס טעטיקייט. אָן דער דאָזיקער טעטיקייט וואָלט געווען אַ גייסטיקע ליידיקייט וואָס וואָלט געפירט צו שנעלער נאַטירלעכער אַסימילאַציע.

די גאַנצע יידישע געמיינדע פון קאַנאַדע, מיט אירע אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען, איז שטאַרק פאַראייניקט פאַרן ציל צו העלפן די אַנטוויק־לונג פון ישראל אויף אַלע געביטן. אין די פופציקער יאָרן האָבן קאַנאַדער יידן אינוועסטירט ריזיקע סומען אין דער יידישער מדינה און דאָס ווערט פאָרטגעזעצט אין די זעכציקער יאָרן.

אין הערבסט 1951 האָבן די צוויי צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אונטער דער פירערשאַפט פון לאָרענס פרימאַן און דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס, אונטער דער לייטונג פון סעמועל בראָנפמאַן, געשאַפן די פאַראייניקטע קערפּערשאַפט פאַר פינאַנציעלע אינוועסטירונגען אין ישראל. דערמיט האָט דער גאַנצער קאַנאַדער יידישער ישוב זיך ענג פאַרבונדן מיט דער צוקונפט פון דעם יידישן לאַנד.

אין דעם זעלביקן יאָר, אין פרילינג, איז אַ גרויסע פאַראייניקטע דעלעגאַציע פון קאַנאַדער יידן געפלויגן קיין באָסטאָן צו באַגעגענען זיך מיט פּרעמיער דוד בן־גוריון, וועלכער איז דאַן געווען פאַר אַ באַזוך אין די שטאַטן. אין סאַמערסעט האָטעל פון באָסטאָן האָבן עטלעכע צענדליק קאַנאַדער יידישע פירער פאַרזעכערט דעם פּרעמיער פון ישראל די פולסטע שטיצע פון פאַראייניקטן קאַנאַדער יידנטום.

# ענדערונגען אין יידישן לעבן

**די נייע יידישע געמיינדע אין דער פאָרשטאָט. — די פּראָבלעמען פון אינטעגראַציע און אַסימילאַציע. — די ראָלע פון דער סינאַגאָג. — אַ סך פראַגן און ווייניק ענטפערס וועגן דער צוקונפט.**

באלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן מערקן, אַז נייע ענדערונגען קומען פאָר אין לעבן פון דער יידישער געמיינדע. די ענדערונגען זיינען עקאָנאָמישע, קולטורעלע און סאָציאַלע, און זיי באַווירקן דעם ווייטערן קורס פון נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע יידישע אַקטיוויטעטן.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אויך געבראַכט אַ גרויסע פּראָספּעריטי און געהויבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די מערסטע מענטשן אין לאַנד. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע בוי־טעטיקייט אין די גרעסערע און מיטעלע שטעט. דאָס האָט אַנטוויקלט אַ גרויסן מסחר מיט ריעל־עסטעיט, אויך אַן אינטענסיווע בויאונג פון גרויסע אַפּאַרטמענט־הייזער, שאַפּינג־סענטערס. יידישע אונטערנעמער זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די דאָזיקע בוי־אַקטיוויטעטן. פילע פון זיי האָבן גוט מצליח געווען.

עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו בויען נייע פאָרשטעט. יידישע פאַמיליעס זיינען געוועז פון די ערשטע צו באַזעצן זיך אין זיי, כדי צו געניסן פרייערע לופט און מער גראַמקייט און באַקוועמלעכקייט ווי אין דעם צענטער פון דער גרויסער טומלדיקער שטאָט.

אָט דער פּראָצעס פון איבערקלייבן זיך אין פאָרשטעט איז פאָרגעקומען אין אַלע גרעסערע און מיטעלע שטעט, סיי אין קאַנאַדע, סיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

און די דאָזיקע פּאָרשטעט האָבן זיך אויפגעבויט נייע מאָדערנע סינאַגאָגן, וועלכע זיינען זייער קאָסטבאַר, רייך אויסגעשטאַט, מיט גרויסע „קאָמיוניטי סענטערס" פאַר יוגנטלעכע מיט גרויסע זאַלן פאַר אונטערהאַלטונגען און פאַרטים.

אין די נייע סינאַגאָגן זעט מען ווייניק אָדער גאָרניט, דעם טיפּ פון „היימישן" רב, דעם מוסמך פון סלאָבאָדקע, טעלז אָדער וואָלאָזשין. די נייע ראַביים רעדן ענגליש, די אומגאַנגס־שפּראַך פון יינגערן דור, וועלכער קאָן ניט די פאָלקסטימלעכע יידישקייט פון זיינע זיידעס און פעטערס, זייערע פאָרמען פון יידישקייט, וועלכע זיי האָבן געבראַכט פון מזרח־אייראָפּע.

אין דער נייער פאָרשטאָט־געמיינדע איז ניטאָ קיין סך אָרט פאַר די יידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וועלכע עס האָבן געשאַפן

מזרח־אייראָפּייאישע יידן פון די פריערדיקע דורות, בײַ וועלכע יידיש איז געווען די אומגאַנגס־שפּראַך. די הויפּט זאָרג פון די דאָזיקע אָרגאַני־זאַציעס איז ווי אַריינצוציען די יוגנט פאַר וועלכע מזרח־אייראָפּע האָט שטענדיק ווייניק געמיינט, ובפרט איצט, ווען זיי זיינען אויסגעליידיקט פון קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן, וואו ס׳איז שוין מער ניטאָ קיין אינטענ־סיווו קולטורעלער און רעליגיעזער יידישער לעבן ווי ס׳איז געווען פריער, איידער די נאַציס האָבן עס חרוב־געמאַכט.

די יוגנט פון דער נייער פאַרשטאָט־געמיינדע איז מערסטנס שטו־דירנדיקע. יידישע יוגנטלעכע פאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט אין די קאָלע־דזשעס און אוניווערזיטעטן. זייער ווייניק פון זיי גייען צו אינדוסטריע צו ווערן פאַבריק־אַרבעטער. דער יידישער אַרבעטער־קלאַס וואָס האָט זיך שטאַרק אַנגעזען אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, האָט זיך באַ־דייטנד פאַרקלענערט. אין די גרויסע קליידער־פאַבריקן, וואו יידישע אַרבעטער האָבן דאָמינירט מיט אַ פּאָר דורות צוריק, זיינען פאַראַן איצט בלויז קליינע גרופּקעס יידישע בעל־מלאכות און אויך זיי ווערן אַלץ ווייניקער און ווייניקער.

וועגן דער איצטיקער שטודירנדיקער יוגנט ווערט פיל דעבאַטירט. וועט זי קאָנען איבערנעמען די פליכטן און פאַראַנטוואָרטלעכקייטן פון נאַציאָנאַלן און קולטורעלן יידישן לעבן אין דער צוקונפט? וועט זי האָבן אירגענד וועלכע נאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען מיט יידישע געמיינדעס אין אַנדערע לענדער? וועט זיין אַ גייסטיקער און פּראַקטישער קשר צווישן איר און די יידן פון מדינת ישראל?

די דאָזיקע פראַגן ווערן אַלץ מער און מער אַקטועל. זיי ווערן באַ־האַנדלט זייער אָפט בײַ פאַרזאַמלונגען, „פאָרומס״, נאַציאָנאַלע צוזאַ־מענפאָרן און קאָנווענשאַנס. עס הערשט די מורא, אַז דער פּראָצעס פון אינטעגראַציע וואָס ווירקט שנעל אויף דער שטודירנדיקער יוגנט, פרעמדט־אָפּ יידישע יוגנטלעכע פון נאַציאָנאַלע און קולטורעלע יידישע אַקטיוויטעטן.

דער קאָנאַדער יידישער קאָנגרעס גיט אָן אין זיינע סטאַטיסטישע באַריכטן, אַז אַרום פופציק פּראָצענט פון יידישע קינדער אין סקול־עלטער קריגן ניט קיין יידישע דערציאונג. וואָס פּאַסירט מיט אָט די יוגנטלעכע, ווען זיי ווערן דערוואַקסענע און עלטערן פון קינדער? אין וואָס וועט זיך אויסדריקן זייער צובונד צו יידישקייט? און די קינדער, וועלכע געניסן יאָ אַ יידישע דערציאונג, ווי לאַנג קאָן עס אויף זיי ווירקן אין דער אַטמאָ־ספערע פון אוניווערזיטעט, וואו עס הערשט שטאַרק דער איינפלוס פון דער מאַטעריאַליסטישער וויסנשאַפט?

מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק האָט אין דער יידישער געמיינדע געבליט די קולטור און יידיש, וועלכע האָט געשאַפן אַרום זיך נאַציאָנאַלע יידישע אַטמאָספערע און פאָלקסטימלעכן באַוואוסטזיין. אָט די קולטור איז איצט זייער שוואַך. זי ווערט קוים באַמערקט. וואָס פאַרנעמט איר

ארט? דערווייל איז איר ארט לייִדיק, ניט אויסגעפילט. וואס וועט זיין מיט אט דער לייִדיקייט? פאר געוויסע יידישע פובליציסטן און דענקער איז עס א שלעכטער צייכן. אין דער דאזיקער לייִדיקייט און פוסטקייט זעען זיי א צושטאנד פון ירידה. זיי זיינען וועגן דעם שטארק באזארגט. אנדערע האלטן, אז דאס איז א נאטירלעכער פראצעס, אן אומפארמייד־לעכע און דערווארטעטע אנטוויקלונג, וואס איז א צייכן ניט פון ירידה, אדער קריזיס, נאר פון ענדערונג, אן ענדערונג צו וועלכער מען דארף זיך צופאסן. די לייִדיקייט וועט זיך אויספילן מיט אנדערע יידישע קולטור ווערטן, וועלכע וועלן זיך שאפן אין אן אנדער שפראך און אין אנדערע פארמען אין איינקלאנג מיט די נייע באדינגונגען פון לעבן.

* * *

דער אלגעמיינער פרעסטיזש פון דער יידישער געמיינדע האט זיך פיל פארשטארקט א דאנק דער עקזיסטענץ פון מדינת ישראל. די געמיינדע איז זייער ברייטהארציק מיט איר שטיצע צום יידישן שטאט. אויך ניט־ציוניסטישע גרופעס באטייליקן זיך אין די אינטענסיווע פינאנציעלע אקציעס לטובת ציונסטישע פאנדן. אבער ווען ישראל־פירער רופן צו עליה, ווען דוד בן־גוריון זאגט, אז ישראל נויטיקט זיך, צוליב איר זיכערקייט, אין א מיליאן עולים פון אמעריקע, איז דער אפרוף גארניט קיין ווארעמער. פארקערט, מען הערט טענות קעגן אים, הלמאי ער פארלאנגט פון אמעריקאנער יידישער יוגנט אזעלכע שווערע קרבנות. אפילו געוויסע ציוניסטן באהויפטן, אז עס איז ניט רעאליסטיש צו שטעלן אזעלכע פארלאנגען.

די אורזאך, אז „ס'איז ניט רעאליסטיש'' ווערט אנגעגעבן פון אזעלכע קרייזן וואו מען נעמט אן, אז די יידן אין אמעריקע — און אין קאנאדע — לעבן אין א צושטאנד פון פולשטענדיקער זיכערקייט און פראספעריטי. זיי נעמען אן, אז די דאזיקע פראספעריטי איז פון א פערמאנענטן כאראקטער. איז עס אבער באמת פערמאנענט? קאן מען דען אננעמען, אז די איצטיקע פראספעריטי פון דער יידישער פארשטאט־געמיינדע איז מער גאראנטירט און מער זיכער ווי עס איז די אלגעמיינע עקאנאמיע פון לאנד, וועלכע ראנגלט זיך מיט פראבלעמען פון אויטאמאציע, ארבעטסלאזיקייט, אינפלאציע־טענדענצן און אנדערע שוועריקייטן?

אין דער נייער געענדערטער פארשטאט־געמיינדע בויען זיך נייע סינאגאגן כמעט אויפן זעלביקן באזיס ווי גרויסע קאמערציעלע אונטערנעמונגען. עס איז גענוג, אז עטלעכע באלעבאטים זאלן באשליסן און עס ווערט אויפגעבויט א קאסטבארע סינאגאגע וואס מוז האבן א גרויסן יערלעכן בודזשעט. דער דאזיקער בודזשעט קאן ניט געדעקט ווערן בלויז פון מתפללים, אדער פון אנדערע רעליגיעזע פונקציעס. די הכנסות מוזן קומען ,דער עיקר, פון פארדינגען זאלן פאר פארטים, חתונות, בר־מצוה

שמחות און אַזוי ווייטער. די דירעקטאָרן פֿון דער סינאַגאָג, הגם זיי אַרבעטן ניט פֿאַר פּראָפֿיט-צילן, מוזן אָבער אָנווענדן אַ פּראַקטיש קאָמערציעלן צוגאַנג צו דער סינאַגאָג. אָנשטאָט צו האָבן אין זינען די אמת'ע צילן פֿון אַ שול — דאַווננען, לערנען, חינוך פֿון קינדער — מוז מען אָנווענדן אַ סך מי און כוחות פֿאַר די קאָמערציעלע אַספּעקטן, כדי צו זיין זיכער מיט די הכנסות. די מאָדערנע סינאַגאָג ווערט אַזוי אַרום מער אַן אינסטיטוציע פֿאַר פֿאַרמעגלעכע און מיטל-קלאַס מענטשן. די אָרעמערע שיכטן פּאַסן זיך אין איר ניט אַריין, אפילו ווען זיי זיינען רעליגיעז געשטימט.

יעדן שבת איז אין דער פֿאָרשטאָט-סינאַגאָג אַ גרויסע בר-מצוה פֿייערונג. אַמאָל צוויי, אָדער אפילו דריי אין איין שבת. דאָס אויסלערנען די הפטורה איז געוואָרן אַ הויפּט ציל פֿון דערציאונג. דער בר-מצוה יינגל קריגט אַ סך מתנות און ווערט וואַרעם באַגריסט ביי אַ פּאַראַדנער פּאַרטי. די באַגריסער זאָגן אים, אַז ביז איצט איז ער געווען פֿריי פֿון יידישע פֿליכטן, אָבער פֿון היינט און ווייטער איז ער שוין אַ דערוואַקסענער ייד און וועט דאַרפֿן טראָגן, ווי אַלע דערוואַקסענע, דעם יאָך פֿון יידישקייט. אָבער דער דורכשניטלעכער יינגל פֿילט אַנדערש. ער זעט זיין לעבן פּונקט פֿאַרקערט. ביז איצט, כל זמן ער איז געווען יונג, האָט ער באַדאַרפֿט טראָגן דעם יאָך פֿון יידישקייט, האָט באַדאַרפֿט גיין אין דער יידישער שולע, לערנען די הפטורה און אַנדערע לימודים, אָבער איצט, פֿון היינט און ווייטער, איז ער שוין אַ דערוואַקסענער און ווי אַלע דערוואַקסענע, ווי זיין פֿאָטער, ווי זיין עלטערער ברודער, איז ער שוין פֿריי. מער איז ער שוין ניט פֿאַרפֿליכטעט צו דער יידישער שולע. ער קאָן שוין אַרויסגיין פֿון איר אויב ער וויל.

די נייע ענדערונגען אין יידישן לעבן האָבן אַרויסגערופֿן אַ סך פֿראַגן ביי דענקנדיקע יידן. אויף די דאָזיקע פֿראַגן קאָן מען דערווייל קיין באַשטימטע ענטפֿערס ניט געבן. די דאָזיקע פֿראַגן, וועלכע זיינען ענג פֿאַרבונדן מיט די פּראָבלעמען פֿון יידישן קיום און המשך, ווערן אָפֿט דעבאַטירט פֿון ראַבאַים, זשורנאַליסטן און אינטעליגענטע געמיינדע פֿירער, וועלכע זאָרגן פֿאַר דער יידישער צוקונפֿט.

אָט די פּראָבלעמען זיינען געוואָרן זייער אַקטועל אין כמעט אַלע לענדער פֿון די תפֿוצות, און קאַנאַדע איז, נאַטירלעך, ניט קיין אויסנאַם. מען קאָן זיכער אָננעמען, אַז די לאַגע וואָלט געווען פֿיל ערגער ווען עס וואָלט ניט עקזיסטירט דער איינפֿלוס פֿון מדינת ישראל, אַן איינפֿלוס וואָס דערגרייכט צו אַלע שיכטן און אַלע ריכטונגען פֿון יידישן פֿאָלק.

די עקזיסטענץ פֿון ישראל איז אַזוי אַרום וויכטיק ניט בלויז פֿאַר די יידן, וועלכע וואוינען דאָרט, נאָר אויך פֿאַר יידן פֿון אַלע לענדער אין דער וועלט.